# קליינע טײַך

אָשעראָוויטש

- לידער
- פּאָעמעס
- באַלאַדעס

„סאָוועטסקי פּיסאַטעל“

מאָסקווע • 1965

# עלפטער יול 1920

ווי דער ערשטער ראזוועדטשיק האָט זיך באוויזן אפן טראקט,
איז געוואָרן פרייליך אפן גאס;
ווי דער ערשטער ראזוועדטשיק איז אין שטאָט אריינגעקומען,
איז געוואָרן א טומל אפן גאס.

ווי דער ערשטער ראזוועדטשיק איז פון פערד אראָפּגעקראָכן,
האָבן אלע געוויינט פון פרייד;
ווי דער ערשטער ראזוועדטשיק האָט געשטעלט א טראָט,
זיינען אָנגעלאָפן קינד־און־קייט.

איך האָב געזאָגט צו דער מאמען:
איך וויל נעמען א ביקס
און גיין מיט די רויטע פאָנען...
האָט די מאמע מיר געזאָגט:
ביסט א שנעק,
גיי בעסער קלייבן פאטראָנען.

1920

## וועגן זיידן פון איהומען

וועגן זיידן פון איהומען, וועגן אלטן בער...
אייַ, איז דאָס געווען א יידל — זייַנע פויסטן הארט און שווער.
פאר א קאָפּקע, פאר א זעקסער שטייט דער זיידע ווי א בארג,
און ער לערנט זייַנע באָנים פונקט ווי ער זייַן קארג.

פון דער פרי ביז שפּעטן אָוונט פירט דער זיידע זאמד,
שילט און זידלט באלעבאטים: ברענט זיי אוף א בראנד!
אומעטום אין אלע דערפער איז דער אלטער לאנג באוווּסט,
און זייַן גניאדע „מילקע" קען אין פעלדער יעדער קוסט.

צוואנציק יאָר געקעמפט מייַן זיידע מיט די שטעטלשע קאצאָווים,
„טרייפע פלייש פארקויפן, — פלעגט ער זאָגן, — די גאנאָווים".
איז דערנאָך א פייַנע מייַסע זיך פארלאָפן אין דעם קאנט,
ווען דער אלטער האָרעפּאשניק האָט פארכאפּט די מיזרעך־וואנט.

דארף דער זיידע ערגעץ האָבן אף א מארק א שוץ —
רופט דער אלטער זייַנע באָנים, א לעבעדיקע טוץ.
בא די שיינע באלעבאטים איז די טוץ געווען באוווּסט:
ווען זיי נעמען טויבן טרייַבן, ווערן גאסן פּוסט.

כאפּט א מוירע אָן דאָס שטעטל, עס צעשרייַט זיך קינד־און־קייט,
און דער סטראזשניק פונדערווייַטן ווי א גוילעם שטייט...
אָט אזוי געלעבט דער אלטער, אָט אזוי געלעבט מייַן זיידע —
דוירעס שטארקע, ווי די דעמבן, אף דער ערד האָט ער פארזייט דאָ.

1926

# ווײַסרוסיש

קלינגען גלעקעלעך אף אויסגעבויטע בריקן,
„קאלי לאסקא״ — הערט זיך אפן זאמד...
דו, די רויִקייַט פון מײַנע בליקן,
דו, מײַן שטיל, סאָסנאָווע לאנד.

מײַנע אורזיידעס געלעבט דאָ און געשטאָרבן,
אלע טאָג געדאוונט און געהאָרעוועט,
און געלאָזן א יערושע — פוסטע טאָרבעס,
לידער טרויעריקע... הארטע סקאָרינקעס...

ווען די שקיִע שיט זיך אויס אין פײַערלעך אף גראָזן
און דעם האָשטינעץ[1] פארציט א ווײַסער שטויב,
אין א שטיבל, בא די ברעגן פון בעריאָזע,
קוקט אף מיר דער זיידע דורך דער שויב.

ערגעץ דאָ, צעווישןביימער אלטע,
ווו די זון איז שטענדיק אומעטיק און גראָ,
ליגט מײַן אלטע באָבעניו באהאלטן
אין א וויגעלע פון ערד און גראָז.

1928

---

[1] שליאך (ווײַסרוסיש).

# גענוג צו זינגען „העמערל“...

## I

גענוג צו זינגען „העמערל“,
גענוג „געזאלצט א יאם“,
איך דארף איצט גיין אין קעמערל —
א צווייַג פון נייַעם שטאם.

אָ, זע, א נאכט א בלויע יאָגט
און שפּילט מיט פרייד אף שניי,
מאמע, מאָרגן איז א יאָמטעוו־טאָג,
מייַן נייַע העמדל ביי.

## II

...איז וואָס, אז האלבע נאכט האָט שוין דער זייגער אָפּגעקלונגען?
דו ביסט מייַן ערשטער שטראל! מייַן טרוים דו ביסט!
פון אונדזער שלאָסגעסל א נייטערן א יונגע,
און איך א יונגער מאשיניסט.

און בא דייַן ניי־מאשין וועט דינער פּאָדעם זוימען
אונדזער אלעמענס און ביידנס גליק,
דו הערסט, מייַן טייַערע, ווי ס׳קושן זיך די בוימער,
זיי זייַנען אויך, ווי מיר, פארליבט...

דו הערסט, מײַן טײַערע,
פֿון הויכן טורעם האָט שוין אָפּגעקלונגען,
אַז דו, מײַן אײנציקע, מײַן טרוים דו ביסט,
פֿון אונדזער שלאָסגעסל אַ נייטערן אַ יונגע,
און איך אַ יונגער מאַשיניסט.

## III

א. קושניראָוון

אײן פֿײַער ברענט בא אונדז אין בליק,
אײן פֿײַער צינדן מיר אַף וועגן ווײַט־פֿאַרמאָסטענע,
עס האָבן זיך אַף צווײַגן פֿון אײן בוים צעבליט
דײַנע רײַפֿע פֿײרעס און אויך מײַנע קנאָספּן.

און דער געריוש פֿון דײַנע ווינטן איז ניט פֿרעמד
מײַן שווערן שטויביקן געדודער,
דאָס האַרץ, וואָס קלאַפּט אונטער מײַן אַרבעטס־העמד,
דערקענט אין דיר אַ גוטן ברודער.

ווי צאַרט עס וואַרעמט אָן דײַן בליק
די ערשטע שורעס מײַנע — קינדער בלייכע...
און אַלע אינדערפֿרי באַגלייט מיך אין פֿאַבריק
דײַן שטרענגער דיכטערישער צייכן.

דײַן וואָרט געשליפֿנס... אין מײַן האַרץ און זינען
עס האָט פֿאַרקריצט זיך ווי אַ פֿײַער־זיגל.
האַגאַם איך בין דערווײַלע אַ מיזיניק —
איך וואַקס אַ בכאָר מיט שטײַפֿע פֿליגל.

## IV

### 1919

מאמעס אונדז געבאָרן קליינינקע געראָטן,
ניט אף ווייכע פערענעס — אף דער מינסקער בלאָטע.

מיר ווייסן, ווער מיר זײַנען, — דארף מען אונדז ניט לויבן,
מיר ווייסן, וואָס מיר ליבן און אין וואָס מיר גלויבן.

היין און הער, היין און הער פליִען בראָנעוויקעס...
„צום געווער! צום געווער!“ — רופן באָלשעוויקעס.

איך בין ניט קיין ייִנגעלע! גיט א ביקס אין האנט!
איך און מײַן נאהאן — שטענדיק זאלבענאנד.

ברענט, ווי גלאָז צעגליטע, ברענט א בלויער רוים,
אונדזער שטאָט אין פײַער, אונדזער שטאָט אין רויך.

אף דער וואך באם טריבונאל, אין אן אלטן פרענטשיק,
שטייט דאָס דארע ייִנגעלע — יאנקעלע רובענטשיק.

„קומט אהיים, קומט אהיים!“ — ציטערן די קרעמערלעך,
אפן גאס, אפן גאס — יאטן פון די „קעמערלעך“.

אָט־אָ באלד, אָט־אָ באלד — אָט קומט דער פארטאָג,
כ׳וועל זיך זעצן אף א פערד — הײַדא! גיכער, יאָג!

וועל איך אָנשרײַבן דער מאמען: ליבינקע, געטרײַע!
ס׳האָט דײַן ייִנגל ליב געקראָגן וויכערן און פײַער...

מאמעס אונדז געבאָרן קליינינקע געראָטן,
ניט אף ווייכע פערענעס — אף דער מינסקער בלאָטע.

## V

אומשטערבלעכע נעמען, אומשטערבלעכע יאָרן,
עס האָבן אײַך גליקלעכע שטורעמס געבאָרן.

וווהין זאָלסט ניט גיין, וווהין זאָלסט ניט פאָרן —
די הייליקע נעמען מארשירן פון פאָרנט.

איך זע, ווי זיי וויגן אף פאָנען די פרענדזן,
און ס'טראָגט זיך א ליד פון וואָלגע ביז טעמזע...

איז הערט אויס, איר אלע — איר שוואכע און מידע,
מיר האָבן נאָך פולוווער פאר אונדזערע לידער.

אומשטערבלעכע נעמען, אומשטערבלעכע יאָרן,
אָ, יוגנט מײַן יוגנט — אין פלאמען געבאָרן.

1924—1928

# אונדזער גורל

...און עפשער איז אזוי באשערט,
ווײַזט אויס, אזא איז אונדזער גורל:
אונדזער אָנהייב פריידיק־שווער,
נאָר פאר דעם סאָף כ'האָב שטענדיק מוירע.

מיר הייבן אָן מיט א געזאנג,
וואָס שפאלט אפילע הארטע פעלדזן,
מיט הייסן וואָרט, מיט ריינעם קלאנג,
מיט פײַערפעסטע פערזן.

ביין! ביין! איך לייקן דאָס ניט אָפּ,
און לעבן זאָלן דיכטער־יוועלירן!
נאָר ווי צו דעם, וואָס לאָזט נאָך רום זיך אין גאלאָפּ,
קעדיי אין שטורעם ווי א העזל דעזערטירן.

דו קער זיך אום און קוק צוריק,
איך האָב ניט ווייניק איידעס,
אין שטויב צערײַבט אונדז שארפער בליק
פון מײַסטער — שטרענגע זיידעס.

און דו — דו טראָגסט א לאָרבער־קראנץ
פון גרינג דעראָבערטע דערפאָלגן,

דאָס איז א לײַכטזיניקער טאנץ,
וואָס נעמט אונדז אלעמען פארפאָלגן.

וווּהין איז זי, דײַן ליד, געווענדט?
און ווער וועט, זאָג, איר פּוסטקײַט שאצן?
אף דוירעס בויט א דיכטער זײַנע ווענט,
און דו — דו בויסט פּאפּירענע פּאלאצן!

איך שפּאס, פארשטייט זיך, ליבער פרײַנט,
איך וויל דיך ניט באליידיקן,
נאָר מיר פארדריסט, ווען דיכטערס הארץ
ווערט ארבעטסלאָז און ליידיק.

איך וועל ניט מיד צו זוכן, פאָדערן,
כ'האָב ליב דעם רויש פון אומרויִקע גאסן,
און נאָר בא דיר, אין דײַנע שורעס — אָדערן,
עס פליסט שוין ניט קיין בלוט, נאָר וואסער.

ווי גוט צו זײַן א דרייסטער רײַטער!
די ליד זאָל פליִען אָן א זאָטל, אָן א צוים,
בא גרויסע טרוימער זיך צו לערנען טרוימען,
קעדיי ניט זײַן קיין קנעכט באם טרוים.

געַנוג! מע מוז פון הארץ אראָפּרײַסן די שלעסער!
זאָל, ווי א שטורעם, אונדזער ליד צעפּראלן אלע טירן,
א דיכטער איז נאָר דער, וואָס קען אף מעסערס
מיט הארץ מיט אייגענעם דיסקוסירן.

1932

# אין סטעפּ

די יעגערס, וועלכע לאָקערן אף וועלף,
מיר נישטערן אין סטעפּ אין אומבאַקאַנטן,
די ראָטע האָט באַקומען אַ באַפעל
פאַרטיליקן דעם סוינעס דיווערסאַנטן.

אין פעלצן אָנגעטאָן, אין ווייַסע לייַלעכער מאַסקירט,
מיר ליגן אפן סטעפּ ווי בערגלעך שניי,
און יעדעס בערגעלע — עס ליגט און שפּירט
מיט לעבעדיקע אויגן צוויי.

די אויטאָמאַטן — אויסגעפּרווט און דין באַשמירט,
די מעסערס — שאַרף, אין שיידלען ברוינע.
אַ ווינט — אַ גאָלמעסער. דער אָטעם פרירט.
מיר וואַרטן אפן סוינע.

אינגיכן וועט זיך אָנהייבן אין סטעפּ
פאַר אונדז דאָס הייסע שטיקל אַרבעט,
פאַר אונדז, וואָס טראָגן די געוואַגטע קעפּ
אין שלאַכט אף לעבן און אף שטאַרבן.

1941

## ניט ווײַט פון מאָסקווע

דו הערסט, זי זינגט, די ווילדע קאַלטע, די מעטעליצע,
די האָר — צעשויבערטע... אין ווײַסן העמד זי פליט, זי יאָגט...
זי בושעוועט, גלײַך ווי א וועלפּיכע,
וואָס וואַרפט זיך אף א טעלעצע,
זי קלאַפּט אין די זעמליאַנקעס און זי קלאָגט.

היי, היי, — זי שרײַט, זי יאָגט מיר נאָך, זי בושעוועט,
זע, ווי זי בייגט די סאָסנעס און זי שמײַסט,
גלײַך ווי א וועלפּיכע, וואָס ווייסט קיין בושע ניט,
איר כאָסן פאַקט זי פאַרן גאָרגל, און זי בײַסט...

ניט גיי אין פעלד — זי וועט דיך פאַטערן,
ניט קוק אף איר — וועסט ווערן בלינד,
עס קרעכצט א פויערטע: עך, ליכאָ טוואָיו מאַטערי! —
און נעמט אין בעט צו זיך, פון מולטערל, דאָס קינד.

היי, היי, זי קײַקלט זיך, די יאָדלעס ציטערן,
די סאָסנעס בייגן זיך, זי פײַפט! זי קנאַקט!
און ציט זיך אויס און גויסעסט א פאַרביטערטע —
דאָ אפן אלטן רוסישן קאַלוגער טראַקט.

ווי שטיל עס ווערט...
ווער ווייסט, ווי לאנג די רויִקייט וועט דויערן,
די ערד האָט צוגעדעקט א פוכיק־שניייִקע געדיכטע פעל,
פון וואלד א יונגער פוקס מיט זילבער־פינקלענדיקע אויערן
גייט א דערשראָקענער ארויס אין פעלד.

דאָ, אין די וועלדער, ליגן מיר פארטיַיעטע,
די קעפּ — אין שניי. די פיס — אין ליים.
אווו ביסטו, אווו ביסטו, מיַין טיַיערע?
פון געטאָ שריַיט צו מיר מיַין קינד, מיַין היים.

שוין וויפל נעכט מיר שלאָפן ניט, פארמאטערטע,
די ערד און הימל האָבן מיר צעווישן זיך צעטיילט,
דו הערסט — מיט פיַיער שווערן די הארמאטן דאָ:
ביסט הייליק, פאָטערלאנד! ביסט אויסדערוויילט!

1942

# ווילנע, זומער 1944

## I

א ייִסגאַדאַל מײַן מאַמעס שטאָט,
א ייִסגאַדאַל צו דײַנע ווענט,
אָ, אַלטע ווילנע — גאָלעסדיקער גאָט,
צעבראָכן ביסט, פֿאַרברענט...

דו האָסט געררוישט, דו האָסט געבליט,
געפֿלאַטערט, ווי א יונגע טויב,
איך קוק אויף דיר — נאָר דו ביסט בלינד,
איך רייד צו דיר — נאָר דו ביסט טויב.

שטיי אויף, מײַן מאַמעס שטאָט! ביסט שטום!
איך, דײַן באַפֿרײַער, איך באַפֿעל:
שטיי אויף פֿון אַש! און זאָל דײַן רום
זיך טראָגן ווײַט אויף גאָרער וועלט.

## II

אויף גיטקע טײַבעלעס זאַוווּלעק
איך זע — מײַן ווילנער זיידע שטייט...
ער האָט דערזען מיך פֿונדערווײַטנס
און אײַלט צו מיר אַזוי דערפֿרייט.

ער לעבט נאָך אַלץ, דער אַלטער וויצלער?!
אין יענער יאַרמלקע... יאָ, יאָ, ס'איז ער!
ער זאָגט צו מיר: אַ גוטער מאַלעך
האָט אײַך, רעב ייִד, געבראַכט אַהער...

צי ער דערקענט מיך ניט, מײַן אַלטער,
צי מיר אַליין האָט זיך געדאַכט?
אים פעלט גאָר איינער צו אַ מיניען,
שוין וויפל צײַט אַף אים ער וואַרט...

געשיקט זיך, אַז ער וויינט, דער זאָקן?
נו, זאָגט, ווי לייגט זיך אַפן זינען —
אַף גיטקע טײַבעלעס זאַווולעק
זאָל מען אַ ייִדן ניט געפינען!

## III

אַף גיטקע טײַבעלעס זאַווולעק
טיר און טויער אָפן...
פײַקל איך אין פײַקעלע און וועק:
היי, שטייט אוף! גענוג צו שלאָפן!

היי, כאָכמאַטשעס,
ווערטל־זאָגער,
ספאָרים־שלינגער,
טשאָלנט־פרעסער —

קומט, די וועלט וויל זען אָט יענע,
יענע אַלע, וועלכע קענען
דאָ, אין געסלעך פינצטער־ענגע,
ווי די בינען, האָניק ברענגען —
ניט פון קווייטן אַף די בייטן,

נאָר פון וויגן, ווו עס ליגן
נײַע וויטענבערגס און קולבאקס.

שטייט שוין אויף!
געננוג צו ליגן!
כ׳טראָג פאַר אײַך דעם פרילינגס־ניגן... —
זאָל כאָטש איינער אופשטיין, איינער!

קיינער ענטפערט מיר ניט, קיינער...
דער אוילעם שלאָפט.

קלאַפּ איך שטארקער אין מײַן פּײַקל, קלאַפּ איך...
אָט! עס צינדן זיך די פּײַקל־שטעקל,
ניין, דאָס ברענען מײַנע פינגער,
ס׳רינט דאָס בלוט פון מײַנע נעגל...
איז וואָס שווײַגט איר, ווילנער קינדער?

היי, כאָכמאטשעס,
ווערטל־זאָגער,
ספאָרים־שלינגער,
טשאָלנט־פרעסער —

קומט, די וועלט וויל זען אָט יענע,
יענע אלע,
וועלכע שרײַען: „קאָמעץ־אלעף“
נאָך אין איבגעווייד בא מוטער,
עסן סקאָרינקעס און מוטיק
טראָגן פײַער אין די פּאָלעס —
וועלט פון גזיילע א מאפּאָלע.

שטייט שוין אויף!
געננוג צו ליגן!

כ׳טראָג פאַר איַיך דעם פרילינגס־ניגן...
זאָל כאָטש איינער אופשטיין, איינער!
קיינער ענטפערט מיר ניט, קיינער...
דער אוילעם שלאָפט.

עפנט זיך א פענצטערל אין הימל.
מיַין געליבטע קוקט. ס׳איז זי! בעפירעש!
א גוטמאָרגן, טיַיערע, גוטמאָרגן!
העלף מיר אופוועקן דעם אם קשיי אוירעף[1]...

— וועמען וועקסטו, מיַין געטריַיער, וועמען?
וואָס, דו ווייסט ניט, נארעלע, דו נאר,
אז די ווילנער שלאָפן שוין דאָ מער ניט,
ווילנער שלאָפן אף פאָנאר...

[1] עם קשי עורף — א פאָלק פון אקשאָנים.

# אין פענצטערל פון מײַן זיקאָרן

I

איך עפן אוף דאָס פענצטערל פון מײַן זיקאָרן —
די יונגע מאַלקע שאַבעס האַלט מײַן געסל אַף די הענט
און וויגט עס שטיל:
שלאָף אײַן, פאַרהאָרעוועטע, שלאָף...
און שטיל, פון הימלדיקן כאָלעל,
שווימט אַף א טעלערל דער שאַבעסדיקער כאָלעם —
א כאַלע מיט א כאָצי אָף...
ס'איז שטיל אַרום.
נאָר ווער גייט אום אין אַלטן מאַרק
און האַלט א ייִנגעלע ניט מער פון א יאָר פיר
(און ענלעך איז ער, דאַכט זיך, גאָר אַף מיר!),
ער כליפּעט, וויינט... אוי, נאַרעלע דו נאַר,
וואָס ווילסטו, קליינער אַקשן, ראָשע דו מערושע?!
עס פאַלן דען פון הימל קאָפּעקעס אַף א בוקוואַר?
אַז דאָ, אין מאַרק —
אַזויפיל וויוועסקעס זיך אויסצולערנען רוסיש...
דאָ מעג מען, ייִנגעלע, דאָ טאָר מען,
נאָר דאָרט, אין יענעם שײַנעם מויער — ניט פאַר דיר!
דאָרט גייט אַרום אין גיקאָלײַעווער מונדיר,

מיט לאנגע וואָנצעס די „פּראָצענטנע נאָרמע“
און קוקט אַף דיר גאזלאָניש־בייז
מיט כאַיש־גיריקער האסמאָדע...

דער טאַטע לערנט מיך ראסייעס אַלעפבייס
לויט זײַן מעטאָדע:
אַלעף — A.
בייס — Б.
גימל — Г.

אַזוי, נאָך קינדערווײַז, האָב איך זיך פאַרקנאַסט
מיט דיר — מײַן שלאַנקע האָרעפּאַשניצע ראסייע,
וואָס דוס'ט געהאַסט, האָב איך געהאַסט,
וואָס דיך געפרייט, אויך מיך פלעגט פרייען.
און אומעטום, און אַלע יאָרן,
עס האַלט מיך פאַר די הענט דער מאַזלדיקער צווילינג:
מײַן טאַטנס אַלעף — A,
מײַן ערשטע ליד, מײַן ערשטער פרילינג,
וואָס קלאַפּט און קלאַפּט
אין פענצטערל פון מײַן זיכּאָרן...

## II

...ער פלעגט מיך נעמען אַף די קני
און טײַטלען מיטן פינגער אין א בוך...
(דעם טאַטנס פינגער!
דער נאָגל — שוואַרץ, האַרט ווי א שטיין.)
און, ווי א יאָדער, אויסקאַלופּען פון די אויסיעס,
ווי ער פלעגט זאָגן מיר: „ד ע ם מ יי ן“...
...א שיינער גאָרטן, קינד מײַנס, איז געווען די וועלט,
אָן קייסאָרים־מעשוגאָים,

מיניסטאָרן־גאָרגלשנײַדער,
בלויז איינער האָט געלעבט דאָרט: אָדאָם.
קיין פויגל־מילך ט׳אים ניט געפעלט,
די זון אליין האָט זיך פאַר אים געבוקט,
דער וואסערפאל פלעגט בלײַבן שטיין פאַר אים,
דער לייב פלעגט כאלעשן,
פונוויַיטן הערנדיק זײַן שטים...
איז, דאכט זיך, גוט,
איז, דאכט זיך, ווויל,
איז לעב זיך, מענטש, אין נאכעס און אין פרייד,
האָט, נעבעך, אים דאָס קעפעלע פארדרייט...

III

א גריוועניע... א זילבערנע גריוועניע...
אָ, פארגליווערטע טרער פון מײַן מוטער,
עס פעלט איר א גריוועניע אף פוטער —
די בולקע זאָל שמעקן פון אויוון,
איז ווייניק די מעל און די הייוון,
זוי נעמט מען צען קאָפּקעס — א גריוועניע —
אוי, ניין, ניט אף געגנדזענע גריוון.
און ער — דער מעפארנעס, דער אכזער,
ער קוקט, ווי א טיגער, פון טאלעס
אף איר, וואָס זי גיט אים —
צעלאָכעס! צעלאָכעס! צעלאָכעס! —
אלע יאָר א מאטאָנע: א מיידל, א קאלע.
הײַנט ווי קלײַבט מען אָנעט דעם נאדן
פאַר זיי, פאַר די זעקס, פאַר די „מאדן“,
וואָס כראָפּען געשמאק אין די בעטן
פארפרי, ווען די מאמע נעמט בעטן
א גריוועניע... א זילבערנע גריוועניע,

אוי, ניין, ניט אף געזונטע גריוון.
און אזוי —
אלע טאָג! אלע טאָג! אלע טאָג! —
הייבט זיך אָן א געשפּרעך,
און דערנאָך א געוויין,
און דערנאָך א יעלאָלע,
א דונער־געקנאַל, א געפּעכט! —
און ס׳פּלאצן אינלופטן, ווי באָמבעס,
די מינסקער, די ווילנער, באָברויסקער,
די פּינצטערע יידישע קלאָלעס...

ווייַזט אויס, אז פון דעמלט, פון דעמלט,
אין הארצן אריַין איז ניט יענע — די גרויע, די אלטע...
וואָס ליגט אף דער ערד בא א ליכטל,
א שטומע, א קאלטע,
נאָר זי —
פון דער וואנט, פון באגעטעוון ראַמל —
א יונגע, א שיינע... מיַין איינציקע־איינע! —
אריַין אין מיַין הארצן פון דעמלט,
אָ, ניין! ניט דעם טאטנס: „ניט עגבער מיך, ליליס...“
נאָר יענע —
די בלום, וואָס באהאלט זיך פון מענטשן אין וואסער, —
מיַין מוטער! —
מיַין שטילע, מיַין איינזאמע ליליע...
א כאָלעם פון קינדערשע יאָרן:
א הימל מיט שטערן! א מאבל פון שטערן!
און איטלעכער שטערן — א זילבערנע גריוניע:
מיַין מוטערס פארגליווערטע טרערן...

1958—1960

# ווו איז דער שניי דער פאראיאָריקער...

געווידמעט דעם אָנדענק
פון דער ייִדישער זינגערן
ראָזע פלאָטקין.

## I

וו איז דער שניי, דער שניי דער פאראיאָריקער?
דו זאָגסט: פארגעס! פארשווונדן לאנג!
ניין! ניין! איך זע: ער פאלט א ווארעמער, א קלאָרינקער,
און ער צעגייט אין הארץ, ווי דייַן געזאנג.

דו זאָגסט, גענוג! שוין צייַט פארגעסן אים,
ס'איז פרילינג שוין, די ערד — זי בליט.
און איך, דער נאר, גיי אום אף דייַנע געסעלעך
און זינג נאָך אלץ די אלטע ליד:
אווו איז ער, אווו,
דער שטילער, קלאָרינקער,
דער שניי דער פאראיאָריקער?!

## II

דער אָנהייב איז געווען—געדענקסט? —
סאָף ווינטער אין אן אָדליגע,
איך האָב געפלאַטערט ארום דיר,
מייַן הייס־געליבטע אָדלערקע.

דו ביסט קיין פויגל ניט געווען,
א שיינע מויד, א באגרעסן,
און דיינע ליפן — זיס געווען,
ווי פולע רייפע אגרעסן.

און איך בין יונג, און דו ביסט יונג,
מיר לאכן און מיר קושן זיך,
די פייגל קוקן פון דער הויך
און נעמען אויכעט בושעווען...

זיי פלאטערן דערשראָקענע
סאָף ווינטער אין אן אָדליגע,
זיי האָבן אף דער גאס דערזען:
אן אָדלער מיט אן אָדלערקע.

### III

פרעג איך ראָכל־לייעס טאטע, פרעג איך:
זאָגט מיר, שווער, פונוואנען קומען
אין די העקן אין די ווילדע,
בא די סאזשלקעס און בלאָטעס,
יידן בערדיקע אין שטיוול,
מוידן ווי געשמאקע פלוימען?
לאכט אווראָם דער קאָוואל, לאכט ער:
נו, וואס זאָגסטו, כייע־סטעשע,
אף דער שיינע פונעם איידעם?
פּאָפּט שוין, — שרייט די אלטע, — ניט דערמאָנען
צו דער נאכט־צו, איר זייט ביידע גוטע שיידים...

טראכט אווראָם א ווײַלע, טראכט ער
און ער זאָגט אזוי צו זאָגן:
ס'איז א מייסע פון בערײשיס —

ווען דער איבערשטער באשאפן
האָט שוין אַלעס מיטאַנאַנדער,
זעט ער, אַז אַ מיניען ייִדן,
אוי, קאַפּצאָנים, בניי קאַפּצאָנים,
מיט די בעבעכעס און וואַנצן
האָבן זיך נישט ווו אַהינטאָן,
האָט ער אָף אַ לופטבאַלאָן, מיסטאַמע,
זיי אַהער אַראָפּגעלאָזן:
לעבט אײַך, ייִדן, אָן כאַראָטע,
ס'איז אַ מאַזלדיקע בלאָטע.

## IV

דײַנע בלאָנדע האָר, מאַרוסיע,
ווי דײַן נאָמען — ריין און רוסיש.
אוי, אָקסאַנע, נאָמען דײַנער —
שוואַרצער ווײַנטרויב פון אוקרײַנע...
ווי זשע רופט מען מײַן געטרײַע?
ניין, ניט ראָזע איז דײַן נאָמען.
„ראָכל־לייע! ראָכל־לייע!“ —
קלינגט נאָך אַלץ אין מײַן נעשאָמע.
און איך זע דײַן קליינע כאַטע,
זינגט אַ זעמערל דײַן טאַטע.
ערעוו שאַבעס. שמעקט מיט כאַלע.
אָף אַ לייטערל צום הימל
זינגט מײַן ליובעניו, מײַן קאַלע.
ווו איז ראָכל־לייע?
וועלכע ראָכל־לייע?
איטקע־רייזעס אייניקל,
כײַע־סטעשעס טאָכטער,
זאַלמען־בערס פּלימעניצע —

מײַן לידער־קוואַל, מײַן קרעניצע...
וווּ איז ראָכל־לײע?
ענטפֿערט מיר אַ פֿייגעלע,
ענטפֿערט מיר אַ שפּערל:
בײַ דעם בלויען פֿויגל לעבט זי,
אין אַ נעסט פֿון שוואַרצן פּערל...

## V

אַ וואַרע מאַכט, אַ וואַרע מאַכט דעם רײַטוואָגן פֿון הימל!
בײַ דעם שטאָטישן טעאַטער אַ געזעמל, אַ געווימל...

אויף דער קעלניע זיצט אַ מאַלעך מיט אַ נאָז אַ רויטער,
זשליאָקעט בראַנפֿן פֿון אַ פֿלעשל, ווי דער גאָזלען בויטרע.

און עס אײַלן פֿון דעם וואָגן געטאָ־פּאַסאַזשירן,
וועט מען זיי אין זאַל ניט לאָזן — ברעכן זיי די טירן.

ס'איז דאָך הײַנט אַ גרויסע סימכע, ס'איז דאָך לאַיעהודים,
הײַנט וועט ראָכל־לײע זינגען, שפּילן אויף איר דודע.

אַ וואַרע מאַכט! אַ וואַרע מאַכט! אָט גייען פֿון דעם וואָגן
כּײַע־סטעשע מיט אוראָמען בײדע אויסגעצוואָגן.

טאַטע־מאַמע שײַנען בײדע, טאַטע־מאַמע קוועלן,
נאַ, פֿון שטערנדלעך, מײַן טאָכטער, דיר אַ קראַנץ קאַרעלן.

אָט די שטערנדלעך — קאַרעלן האָבן מיר געקליבן
אין די ווײַטע, הייליקע, אין די הימלען זיבן...

אויפֿן גאַס איז אָבער זאָלקע... טו אָן די פּאַטשײלע,
קאָנסט נאָך, גאָט זאָל דיך באַהיטן, צוקילן די קײלע.

ס׳איז דאָך הײַנט אַ גרויסע סימכע, פּאַשעט אַ גאַנײדן!
שאַ! עס עפנט זיך דער פּאָרהאַנג. שאַ! געגוג צו ריידן.

זאָגט אַ זאַקן צו אַ זאָקן, צו אַ פרומען אַכזער:
זאָג, איך בין אין אוילעם־האַבע צי אין אוילעם־האַזע?!

...גייט דער אוילעם פון טעאַטער, גייט אַרויס פּאַוואָליע,
און פון קעלניע שרײַט דער מאַלעך: טוט זיך אַ שאַוואָליע!

זע, מע גייט גאָר ניט ווי מייסים, פּונקט ווי ריסטאָקראַטן,
זע נאָר, ווי ער בלאָזט זיך, זע נאָר, ראָכל־לייעס טאַטע.

אוי, די סוסים ווילן קײַען, טופען אופגערעגטע,
זעט! די סטאַנציע אויפן הימל צינדט די שטערן־לעקטרע...

„גיכער, מייסים!“ — שרײַט דער מאַלעך — און אַ צי די שלייעס...
„מאַלעך! אוי, ווו זײַנען מײַנע יידן!“ — יאָמערט ראָכל־לייע.

## VI

עס גייען נאָך דײַן אָרן:
דאָס שטיבעלע, ווו ביסט געבאָרן,
די הויכע זונרויזן
מיט שוואַרצע קערעלעך געלאָדן,
דאָס טײַכעלע,
ווו דו האָסט זיך געבאָדן,
די קוסטעס־קלײַנוואַרג טראָגן דיר
טריסקאַווקעלעך אַ טעלער,
און ס׳גייט אין עלנטע, פּאַמעלעך
דער באָבעס ציגעלע.
זי לעקט דײַן האַנט:
טרינק פרישע מילך אַ קריגעלע.
שטיי אויף, ראָכל־לייע!

ס׳וועט זייַן גענוג צו ליגן,
מיר וועלן ביידע גיין צוריק אין שטאָט
און זינגען אַלעמען דייַן ניגון:
דער ליבער זומער קוועלט!
ווי גוט צו לעבן אַף דער וועלט!

## VII

ווי שטיל דאָ איז, ווי שטיל...
און, דאַכט זיך, עמעץ קוקט אַף מיר
פון הינטער אַ מאַציוווע
און הערט זיך איַין, וואָס רייד איך דאָ
אַף מאַמע־לאָשן מיט די קווייטן אַף דייַן קייווער.
און בלעטלעך סוידען זיך אַף צווייַגן:
שווייַגן דאַרף מען, שווייַגן...
אַ קינד צו לערנען ריידן דאַרף מען אָנדערהאַלבן יאָר,
און שווייַגן — לערן זיך ביז גרויע האָר.

1957—1956

# האָט ליב די פּאָעטן...

## I

האָט ליב די פּאָעטן! האָט ליב די פּאָעטן!
מע דאַרף זיי גאַנץ אָפט ווי די קעצעלעך גלעטן.
דאָס ווייסן די פרויען — אָ, טײַערע פרויען! —
פון ברידער פּאָעטן.

האָט ליב די פּאָעטן! האָט ליב די פּאָעטן!
די מײַסטער, וואָס שאַפן ראָמאַנען, עלעגיעס.
איך בעט ניט זיי געבן דערפאַר פּריווילעגיעס
און מאַכן פאַר מיטגלידער פון רעדקאָלעגיעס....
איך בעט ניט פאַרפּאַסן פאַר זיי נאָר געזעצן,
איר מעגט זיי ניט לויבן, איך בעט זיי נאָר שעצן —
ניין, גאָר ניט דערפאַר, וואָס אָפט איז זיי שווערלעך,
נאָר ווײַל זייער פאַך — יאָ, יאָ! — טויט געפערלעך.
ווײַל דעמלט, גראָד דעמלט, ווען פרוכט זייער צײַטיקט,
טרעפט: בלייכע און דאַרע זיי שטאַרבן פריצײַטיק.
טאָ ליבט זיי באַצײַטנס, מאַכט גרינג זייער ווייטעק,
און דאַן, ווען זיי לעבן, באַשיט זיי מיט קוויטן —
ניט דאַן, ווען זיי ליגן שוין אײַנזאַמע, טויטע.
ווײַל ווערסטו אַ זאָקן, איז ווידער אַ קלאָלע:

װערסט זעלטן א קלאַסיק, נאָר אָפּטער א קלאָון.
יאָ, טאַקע דערפֿאַר ביז טויט װעל איך בעטן:
האָט ליב די פּאָעטן! האָט ליב די פּאָעטן!

## II

איך װאַרף זיך אַרײַן אין מײַן ליד,
װי א שװימער אין יאַם,
און כ'הער, װי די כװאַליע, װאָס פּליט,
קלאַפּט אויס אַף די פּעלדזן א יאַמב.

איך קוק, װי זי טוט זיך א װאָרף
אַזוי בײַגעװדיק־שלאַנק,
אַז, דוכט זיך, דער דויפּעק פֿון װאָרט
װערט שטיל פֿון איר אומרו און צאַנקט.

נאָר אָט טוט מײַן שורע א פּלי
אַזוי פֿרײַ און געראַם,
װײַל כ'װאַרף זיך אַרײַן אין מײַן ליד,
װי א שװימער אין יאַם.

## III

א גוטע ליד איז װי א שטוב,
אַװו ס'איז דאָ א דאַך און א פֿונדאַמענט,
אַװו ס'איז דאָ א פּענצטערל, װאָס װײַזט
העט־װײַט א שליאַך א ברייט־געראַמען.

א גוטע ליד איז װי א שטוב,
אַװו עס װילט זיך לאַנג פֿאַרברענגען,
און װען דו גייסט פֿון איר אַרויס,
דו װעסט די שטוב נאָך לאַנג געדענקען.

א גוטע ליד איז ווי א שטוב
דאָרט ערגעץ צווישן בערג פארשנייטע,
וווהין א פײַערל דיך ציט,
וואָס וועט דיך לאנג אין וועג באגלייטן.

## IV

די קורצע ליד!
די קורצע ליד!
וואָס פינקלט, ווי א פיצל דימענט,
זאָל לעבן איר געוואקסטער פלי —
פון שיינער מוטער־ערד דער הימן.

די קורצע ליד!
די קורצע ליד!
ווו יעדער זילב איז פול מיט גווורע,
ווו יעדעס וואָרט, ווי גליד צו גליד,
ווי צאָן צו צאָן — א פעסטע שורע.

די קורצע ליד... ווי ווײַט אין יאם
א דרייסטער זעגל אין געראנגל.
אָ, לידער מײַנע — זיסער סאם
פון וואכע נעכט די פײַנלעך־לאנגע.

מיט וואָסער פרייד מײַן האנט צעברעכט
דעם צאם, וואָס שטעלט זיך מיר אנטקעגן,
קעדיי זיך ווארפן אין געפעכט,
ווי ווײַט אין יאם דער דרייסטער זעגל.

## V

פאָרזיכטיק זײַן מיטן וואָרט —
הייסט פאָרזיכטיק זײַן מיטן הארצן.

אַפֿט קומט עס מיט זילבער פֿון האָר —
דאָס רײַפֿע וואָרט, דאָס געגאַרטע.

פֿאַרזיכטיק זײַן מיטן וואָרט —
הייסט האָבן אַ ריינעם געוויסן,
אים אָנטאָן מיט היַינטיקער וואָר,
אַז שפּעטער זאָל דיך ניט פֿאַרדריסן.

פֿאַרזיכטיק זײַן מיטן וואָרט —
הייסט לערנען זיך לײַדן, זײַן מוטיק! —
און שטענדיק געדענקען דאָס אָרט,
וווּ דו און דײַן פֿאָלק האָט געבלוטיקט.

און פּונקט — ווי עס פּרוּווט אויף די ציין
דער פּויער די קערנדלעך האַרטע —
ניט אײַל זיך! באַר פּרוּוו אויס אַליין
דײַן וואָרט אויפֿן שאַרפשטיין פֿון האַרצן —

צי לעבעדיק קלינגט עס, צי קלאָר,
צי זײַן וועט עס באַנענט און טײַער,
ווײַל פֿאַרזיכטיק זײַן מיטן וואָרט
הייסט קענען זיך שפּילן מיט פֿײַער.

1962—1959

# באם יאם

## I

מיר האָט פאַרשמעקט די פאָזעמקע פון וואַלד,
דאָס ווײַניק־זויער ווײַמפּערל פון קוסטעס,
מיר האָט פאַרשמעקט פון יונגע בורעקלעך
דער מאַמעס קאַלטער ראָסל,
דער האָניקדיקער דופט פון זילבער־בלײַענדיקער גריקע,
דאָס וואַרעם־כּלײַעסדיקע רעגנדל אין פעלד...
כ׳האָב זיך פאַרבענקט נאָך יענעם אינדערפרי,
ווען ס׳הערט זיך ערגעץ ווײַט פון וואַלד די בעלאַרוסער קוקו.
און דאָ איז פיר און צוואַנציק שאָ א היץ,
דער הימל — א פאַרגליווערט שטיק קרישטאָל,
און יאם,
און יאם,
און ווידער יאם...
און ווײַנטרויבן, וואָס קריכן שוין פון האַלדז,
א שטעכיק־דרעלנדיקער פײַף פון די ציקאַדעס,
און מאָרעשכוירעדיקע דראָנגען — קיפּאַריסן...

און ס׳טרעפט אינמיטן נאכט, איך כאַפּ זיך אויף,
און — ערן־וואָרט, מיר דאכט,
איך זע פאַר זיך א בינע:

די ווײַטע שיף אין יאם — ווי אָנגעמאָלט,
און אַלץ ארום — די הויכע בערג און די לעוואָנע,
די פעלדזן שטום־פארפראָרענע —
א טויטע בוטאפאָריע...

## II

קלייניגק פישעלע...
ווי פלינק עס טוט א נישטער מיטן מײַלכל,
א כאַפּ א ווערעמל — דאָס בעסטע מײַכל.

זאָרגלאָז פישעלע... לעבט, ווו ס׳פאסט דעם,
און עס נעכטיקט ערגעץ אָן א פאספאָרט...

אײַ, א פישעלע, א קונדעסל, א מיידעם!
נאָר דער שווערער סאָף וועט אויך דעם שטיפערל נית מײַדן...

ווײַל אויך דאָ אפילע, טיף אונטערן וואסער,
זײַנען דאָ קייסאָרים און אוילעם־גוילעם — פישעלעך מיליאסן.

וויל דאָס פישל לעבן, זוכט עס גוטע וועגן,
קומט עס נעענטער צו מענטשן, צו די ברעגן.

און עס שפילט זיך, און פארגעסט אין אַלע אנגסטן,
ווײַל אהערצו קומען נית די פיש — די גאנגסטער.

נאָר עס ווייסט נית, נעבעך, אז עס מאכט א טאָעס:
מיט א בערדל, אין שפאקולן, ווארט אף דעם דער מאלכאמאָוועס —

— און ער האלט אין האנט, ניין, נית קיין קאָסע! —
נאָר א ווענטקע, גראָד א פראָסטע.

היט זיך, פישעלע, מײַן נארעלע, מײַן ברעקל,
זעסט דאָס מײַכל, נית דאָס העקל!

## III

ווער ביסטו, קינד מײַנס, זאָג מיר, ווער?
פון וועלכן קאַנט קומסט דו אהער?

די אויגן — שוואַרץ. ווי פעך — די האָר.
ווי גלײַך פון שיר־השירים גאָר.

ווײַל אין מײַן היים, בא מיר אין מינסק,
אין געטאָ אויסגעקוילעט אַט דער מין...

ווײַזט אויס, פון גרוזיע־לאַנד דאָס קינד,
די יונגע רייצנדיקע אינד,

דער שוואַרצער ווײַנטרויב פון איר אויג,
פון שלאַנקן גוף דער קער, דער בויג...

זי קוקט אף מיר, און איך אף איר,
ווי גלײַך מע פרעגט: ניט קרויווים זײַנען מיר?

און ביידע גלײַך דערזען, דערפילט,
וואָס איז פון אַלעמען פאַרהילט —

דעם עוון־טאָוו, די וווּנדערלעכע זאַך,
וואָס לעבט און עטעמט אָן א שפּראַך,

און צינדט זיך אָן אמאָל אין בליק,
ווי דעמלט נאָך, ווי פאַר צוויי טויזנט יאָר צוריק.

צי עפּשער אין דעם קאָל — א פעדעמל פון צאַר,
וואָס האָט צוהילף געררופן דאָרט, אין באַבי־יאַר...

זי קוקט אף מיר, און איך אף איר,
ווי גלײַך מע פרעגט: ניט קרויווים זײַנען מיר?

און טוט א שפּרונג אין יאַם. ווי לײַכט! ווי גוט!
און ס׳ענטפערט איר דער יאַם מיט א סאַליוט.

## IV

ניין, ניט דאָס פּײַקל און די פּויק,
די פּיס! ניין, ניט קיין פּיס, נאָר ווינטן!
די מענער טאַנצן. הייסער שרויט!
ווי גלײַך עס פּליסט אין זיי דאָס בלוט פון אינדן...

ניין, ניט פון יונגפרויען דער טאַנץ.
די הענט! ניין, ניט קיין הענט, נאָר שוואַנען!
און ניט פון בליק דער רייצנדיקער גלאַנץ,
וואָס קאָן אַ זאָקן אויך פאַרסאַמען.

און ניט די פּאַסטעכער פון די קאַווקאַזער בערג
אין ווײַסן וואָל — דער דווירעסדיקער אָנצוג, —
וואָס זיצן ווי מעוויינים שטרענג
און קוקן, דרייענדיק די וואָנצן.

ניין, ניט דער טאַנץ און דער געזאַנג
האָט דאָן צעטרייסלט מיך אינגאַנצן,
ניט דער פאַרדראָס, וואָס איך האָב לאַנג
שוין ניט געזען, אַז מײַנע קרויווים זאָלן טאַנצן.

ערשט דעמלט האָט אַ פלאַם געטאָן אין מויל
די היץ פון פריידן און אויך פון קינע,
ווען ס'איז אַרויסגעפלויגן, ווי אַ קויל,
דער יורעש פון זײַן פאָלק און זײַן מעדינע —

אַ יינגעלע! ניט מער פון אַ יאָר אַכט,
ניין, ניט קיין יינגעלע — אַ פײַער!
דער יאַם, די בערג, די שטערנדיקע נאַכט —
אַלץ, אַלץ, איז מיר געוואָרן טײַער.

ער טאַנצט.
ער פליט.
ווי גרינג!
פאַרשייט!
און וואַרפט אין לופט זײַן ווײַסע שמויסענע פּאַפּאַכע,
פון הויכן באַרגשפּיץ די לעוואָנע, פון דער ווײַט,
פּונקט ווי אַ מאַמע קוקט אַף אים מיט נאַכעס.

ער טאַנצט.
פון אונטער זײַנע פיס
די שטערן, האַכט זיך, צינדן זיך און פליען...
און דער האַמוין — ניין, ניין — אַ פאָלק!
אַ פאָלק באַגריסט זײַן קינד,
זײַן פרייד,
זײַן שטורעמדיקע בליונג...

## V

גאָר נישט פּאָשעט זײַן אַ פּאַסטעך, גאָר נישט פּאָשעט,
מע האָרף וויסן, ווי די שעפעלעך צו פּאַשען.

פריער לאָזן זיי די יונגינקע, די שוואַכע
צופּן פונעם גראָז דעם אויבער־טייל דעם ווייכן.

און די עלטערע, די שטײַפערע, געניטע —
איבערלאָזן פון די גרעזעלעך דעם מיטן.

דעמלט ערשט פאַר די געזונטע, פאַר דעם מערצאָל,
איבערלאָזן דעם האַרט־זיסן וואָרצל.

יאָ, קעדיי צו וויסן, ווי באַגיין זיך מיט דער פּלוימע,
דאַרף דער פּאַסטעך, ווי דער דיכטער, קיין דיפּלאָמען,

דאַרף א באָרד א גרויסע פון דערפאַרונג,
שאַרפע אויגן קעגן וועלפישע געפאַרן.

גלייך דערשפּירן מיט דער נאָז — באַצייטנס! —
דעם געוויטער, וואָס אָף באַרג־שפּיץ צייטיקט.

זיין א קיניג מיט א שטעקן און א טאָרבע,
גוט געדענקען, וואָס מע טאָר און וואָס מע טאָר ניט.

ניט פאַרלאָזן זיך אָף היינט — די אונטערלעקער, דינער,
וועלכע האָבן נאָר דעם פּעטן ביין אין זינען.

ליב האָבן די שעפּעלעך, וואָס, דאַכט זיך, שטאַמלען,
אַז פון פּאַסטעכער נעוויים שטאַמען.

1962—1959

## „בעלאָרוסקי וואָקזאַל“

פאַר אײַך —
קאָן זײַן אַזוי ווי ס'איז —
דער אייביקער גערויש פון צוגן,
פאַר מיר —
א צויבער־קעסטעלע, אווו עס שפּילט
דער אומרויִקער ניגן פון מײַן יוגנט.

און וויפל מאָל איך זאָל ניט גיין פאַרבײַ —
מיך טוט א צופּ, א ריס אין האַרצן,
און ס'קלינגט מיר מילד מײַן שוועסטערס „סניי“,
מײַן מינסקער „פּערטשיק־אַכטשיק“.

פאַר אײַך
קאָן זײַן א זומער־טור, א רייס,
פאַר מיר —
פון בלוט א הייסער רעלס,
וואָס ציט זיך דורך מילכאָמע־פעלדער וויסטע
ביז יענער גרוב, ווו ס'ליגט מײַן קינד —
דערמאָרדעט פון פאַשיסטן.

זײַן וועוויריק־פעלצל אַף א באַרג
פון שיכלעך פלאַטערט מיט די פוסטע אַרבל,

און איבער רעלסן שרייַט דער ווינט:
ניט קוק! מע קאָן, כאָלילע, שטארבן!

די רעלסן ציִען זיך פון הארץ
העט־ווייַט אהין ביז מייַן נעמיגע,
וווּ ס'האָט געבושעוועט ניט לאַנג
דער קאַלטער מעסער פון האריגע.

קאָן זייַן, דערפאר איך בלייַב דאָ שטיין...
פאר אייַך —
דער רויש פון יאָגנדיקע באנען,
פאר מיר —
א צויבער־קעסטעלע
פון פרי פארשניטענע פאָעמעס און ראָמאנען.

1960

## זעקס מיליאָן

איך בין ביין — אײַער ביין, איך בין גליד — אײַער גליד,
היי, שטייט אויף פון די גריבער, עס רופט אײַך מײַן ליד,
און זי פלאַטערט, און שוועבט,
און זי עטעמט, און לעבט —
ווײַל מײַן באַמען איז:
אײַזערנער מענטש!

איך בין פריד — אײַער פריד, איך בין ליד — אײַער ליד,
און זי וואַקסט, און זי בליט, ווי אין פרילינג דער צוויט,
און זי פלאַטערט, און שוועבט,
און זי עטעמט, און לעבט —
ווײַל מײַן באַמען איז:
אײַזערנער מענטש!

איך בין ווונד — אײַער ווונד, ניין, ניט איינס, זעקס מיליאָן!
היי, טאַליאַנים, געדענקט! אַט די ווונד רירט ניט אָן,
ווײַל זי גליט, ווײַל זי בריט,
און זי קלאַפּט אין מײַן ליד —
ווײַל מײַן באַמען איז:
אײַזערנער מענטש!

1960

# קיכעלעך און זעמעלעך

שיין איז מאָסקווע אָוונט־צייַט,
ווען עס פאַלט א שנייעלע,
גיי איך אף דער גאָרקי־גאַס
מיט דער יוגנט פרייען זיך.

אין א קלייט האָב איך דערזען
קיכעלעך מיט זעמעלעך,
בין איך אף דער גאַס ארויס
מיט א ליד — א זעמערל:

שטייט!
שטייט!
שטייט!
ביט אייַלט אזוי, ביט לויפט,
גייט אריַין אהער אין קלייט,
קויפט פאר אלע קינדער, קויפט
קיכעלעך מיט זעמעלעך,
קיכעלעך מיט זעמעלעך.

שטעלט מיך אָפּ א יינגעלע,
פרעגט מיך עטוואָס שעמעוודיק:
טשטאָ טאקאָיע קיכעלעך?
טשטאָ טאקאָיע זעמעלעך?

קוק איך אף דעם ייִנגעלע,
גלעט זײַן פּוטער־היטעלע,
און עס ווערט מיר טרויעריק,
נאָר איך זינג מײַן לידעלע:

שטייט!
שטייט!
שטייט!
ביט אײַלט אַזוי, ביט לויפט,
גייט ארײַן אַהער אין קלייט,
קויפט פאַר אַלע קינדער, קויפט
קיכעלעך מיט זעמעלעך,
קיכעלעך מיט זעמעלעך.

זינג איך, און מיר דאַכט, איך הער,
ווי עס בעט מײַן ייִנגעלע:
טאַטע, קויף אַ קיכעלע,
טאַטע, קויף אַ זעמעלע.

ווו ביסטו, מײַן ייִנגעלע?
ווו ביסטו, מײַן טײַערער?
דאַכט זיך, אַז דו שרײַסט צו מיר
פון די געטאָ־פײַערן:

שטייט!
שטייט!
שטייט!
ביט אײַלט אַזוי, ביט לויפט,
גייט ארײַן אַהער אין קלייט,
קויפט פאַר אַלע קינדער, קויפט
קיכעלעך מיט זעמעלעך,
קיכעלעך מיט זעמעלעך.

שיין איז מאָסקווע אָוונט־צײַט,
ווען עס פאַלט א שנייעלע,
גיי איך אַף דער גאָרקי־גאַס
מיט דער יוגנט פרייען זיך.

זע איך קינדער, גיב איך זיי
קיכעלעך מיט זעמעלעך,
און מיר דאַכט, די גאַנצע וועלט
זינגט מײַן ליד — מײַן זעמערל:

שטייט!
שטייט!
שטייט!
ניט אײַלט אזוי, ניט לויפט,
גייט אַרײַן אַהער אין קלייט,
קויפט פאַר אַלע קינדער, קויפט
קיכעלעך מיט זעמעלעך,
קיכעלעך מיט זעמעלעך.

1960

3*



'בין ניט מעקאַנע קיינעם, קיינעם,
איך דאַנק דיר גאָט, איך לעב!
ווי גוט, וואָס מײַן געוויסן איז א ריינער —
זאָל זײַן פאַר פרײַז פון שווערע קלעפּ.

אוי, ניט דערציילט מיר מײַסעלעך פון העלדן,
מיט קלוגע ליגנס דורכגעוועבט,
ווײַל אויסגיין זאָל צו פוסטע וועלדער, וויסטע פעלדער,
וואָס איך האָב אָנגעזען זיך, דורכגעלעבט.

מיר לאַכט זיך אָפּט פון יענע לײַדן,
דאָרט אין די שלעסער בא שעקספּיר,
ווײַל, ווי מײַן פען הייבט אָן צו רײַדן —
גלײַך טוט א פלאַקער דאָס פאַפּיר.

1960

• • •

נײן, נײן, ס'איז ניט מײַן ווידוי,
ניט איך דאַרף שלאָגן זיך אַלכעט —
נאָר אַלץ איז מיר געגאַנגען קידער־ווידער,
און ווען דו כאַפּסט זיך, איז שוין שפּעט.

יאָ! אַף דער עלטער ווערט מען קליגער,
און דיך פאַרדריסט, וואָס דו'סט געלויבט,
כ'האָב אויך, ווי איר, געזאָגט אַמאָל אַ ליגן,
נאָר אויב געזאָגט, — אין אים געגלויבט.

נאָר הערט! די ערד, זי שרײַט, זי כאַרכלט,
ס'קומט אָן פאַר פעלקער אַ געפאַר,
ניט ווען דער נאַר וויל זײַן אַ כאָכעם,
נאָר ווען דער כאָכעם ווערט אַ נאַר.

1960

# דעם שאָכנס מיידעלע

צו מיר אין צימער איז אַרײַן די פּיאָנערקע לענע,
א זוניק־ברוינע, ווי דער לײַוונט בא גאָגענען,
און קוקט מיט בײַגער קינדערשן (ווי די לעוואָנע דורכן שויב...)
אף מײַנע אויסיעלעך, צעוואָרפענע ווי שרויט.
עס איז מײַן פּען געפלויגן אימפּעט־האסטיק,
באפרײַט די ווערטער פון געהיימע פּאסטקעס,
זיי אויסגעשטעלט אף דעם פּאפּיר און ווײַס געראמען,
און אָפּגעשפּיגלט פון מײַן ליד די קארדיאָגראמע...

עס קוקט דאָס קינד אף מײַנע אויסיעלעך, צעשאָטענע געדיכט,
נאָר אָט א וואָלקנדל פארכמורעט איר געזיכט:
איך שרײַב דאָך ניט, ווי זי, פון לינקס אף רעכטס,
איך שרײַב פארקערט: אף יידיש.
זי קוקט עטוואָס דערשראָקן און פארכידעשט:
ניט אנדערש, כ׳בין א ביסל כאָסער־דייע.
דאָס הענטל האלט איך פונקט, ווי זי, אין רעכטער האנט,
נאָר דאָרט, וווּ איך שטעל א „יוד" — א פּינטל,
א נײַע שורע הייבט זיך אָן בא איר אינעם דיקטאנט.

נאָר האסטיק פליט מײַן פּען. עס קוקט דאָס קינד,
ווי ס׳פליען מאָדנע אויסיעלעך פון בלויען טינט...
נו, גיי דערקלער איר, גיי דערקלער,
אז אלץ איז שוין בא מיר פון לאנג פארקערט.

1960

# אָנהייב

נאָך ביידע יונג. דאָס טונקל צימערל
פאַר זיי איז אַ גאַניקדן־ווינקל,
דער קוש — אַ טעמעלע מיט צימערינג,
און די לעוואָנע שעלמיש ווינקט זיי.

ווי אָדאָם־כאַווע ליגן זיי
שוין מידע, ניט דערשלאָפענע,
זיי זינגט אַ ליד די ליגנערן —
די זיסע האָפענונג.

ניט ווײַט, אין גאָרטן שטאָטישן,
עס זיצט און וויינט די הייליקע,
די איינזאַמע, אַלטמאָדישע,
די איפּערזוכט די אייביקע...

1964

# אין מאָסקווער פּארק „סאָקאָלניקי“

ווען איר וואָלט היַינט מיט מיר געווען
אין מאָסקווער פּארק „סאָקאָלניקי“,
ווען איר וואָלט היַינט געזען דאָס איַיז
באַדעקט פּונקט ווי מיט שטאָל־ניקל,
ווי גאסטפריַינטלעך דער כוידעש מארט צעטיילט
די ערעוו־פרילינגדיקע בוטעלעך קאָקטייל
פון ערשטער זון און לעצטן שניי —
אוי, וואונדערלעך געשמאַק,
ווי זאַפּט פון לימענע מיט טיי...

ווען איר וואָלט היַינט געווען מיט מיר
אין מאָסקווער פּארק „סאָקאָלניקי“,
ווען איר וואָלט היַינט אליין געזען,
ווי ס'פאלן שנייעלעך, ניין, נישט קיין וויַיסע,
ערן וואָרט: זונגאָלדיקע!
איך האָב פון זיי פארשריבן דעם געבעט:
ניט טרעט אף אונדז, ניט טרעט...
מיר פאלן שטיל, ניט איַילנדיק,
און לאָזט אונדז שטארבן פריַיוויליק,
מיר וועלן קיינעם גאָרניט טאָן,
ניט רירט אונדז אָן...
ניט רירט אונדז אָן...

1963

## אלטמאָדישער פּייזאַזש

אף א שטערנדיקן קישעלע
ליגט זיך שלאָפן די לעוואָנע.
שטייען ביימער ווי פּארקישעפּטע
אף די אופגעשײַנטע לאָנקעס.

און, ווי זיי, די בערג באַנאכטיקע,
שווײַגן אוראַלטע אַלטמאָדישע,
און די לופט — א כיעס־זאַפּטיקע,
פונקט ווי קאַלטע מילך פון הלאַדישעק.

צווישן קוסטעס לעם דער אָזערע
שפּרינגט דאָס פּיגעלע דאָס נאָבעלע,
שיט אף ראַכוועסן טוי־גראָזיקע
לעצטע פּערל־טריל פון שנאָבעלע.

און דאָס ווינטל דאָס לײַכטפּיסיקע
וויגט די שטיבלעך אײַנגעשלאָפענע,
פון א קוואַל א מורמל־פּליסיקן
טרינקט די ליד מײַנע פּינפּסטראָפּיקע.

שלאָפט לעוואָנע אף איר קישעלע,
לעצטער שטערן אויסגעלאָשן זיך.
אין טאַבון האָט א פּארקישעפּטער
הייס צעהירזשעט זיך א לאָשעקל.

1964

# גוטע בסורעס

איך ווײל אײַך אָנזאָגן א בסורה, מײַנע פרײַנט:
די יונגע מאלקע פרילינג שטײט שױן הינטער שטאָט
און וואַרט, מע זאָל איר עפענען די טױערן...
און דאָרטן װײַט, העט־ווײַט,
אהינטער פויגל־רוישנדיקן כאיל
(אווו עס ציִען זיך די דאַרעמדיקע רײען)
עס גריסן אונדז אַט יענע... אַט די קלײנינקע...
איך מײן די דיכטער,
וועלכע בעטן ניט קײן האָנאָראַר, — די סאָלאָװײען! —
וואָס גאָט אלײן האָט זײ באפױלן די געליבטע צו דערפרײען
און זײַן פאר זײ א מאזלדיקער שירעם...
האָט איר געהערט באגינען, ווי זײ זינגען שיר־השירים?
איך ווײל אײַך אָנזאָגן א בסורה, מײַנע פרײַנט:
באגינען האָבן אָנגעקלאפט צו מיר אין שטיב
דער מאלקעס אויסשפירער — די שטראַלן:
— שטײ אויף!
און הײַנט זאָלסטו ניט טרויערן,
דו האָסט א ליד — דעם שליסל צו די טויערן.
שטײ אויף! די יונגע מאלקע פרילינג וואַרט,
דו זאָלסט איר אויסזינגען דאָס הײליקסטע געבאָט
פון אלע דײַנע הײליקע געבאָטן:
זאָל זײַן פאר ליבע אָפן אלע טויערן פון שטאָט
און נאָר דעם טויט
זאָל דער אַרײַנגאנג בלײַבן שטרענג פארבאָטן!

1958

## א געזאנג צו דיר, עסטערל...

I

א געזאנג צו דיר, עסטערל, א געזאנג!
א געזונט צו דיר, עסטערל, א געזונט!
און א דאנק דיר, עסטערל, א דאנק,
וואָס דו'סט צוגעלייגט דײַן הארץ צו מײַן וווּנד —
מײַן ליד זאָל אופשטיין געזונט,
רויטבעקלדיק, פריש און יונג.
אפגיך!
קום זיך קושן, מײַן קינד,
ווײַל ס'נעמט שוין ברענען מײַן צונג,
פון גראם דער ביטערער סאם.
אוי, עסטערל, כ'האָב זיך פארשעמט,
ווײַל זוכן פאר דיר א גראם
איז כילעל־האשעם!

II

שטילער... שטילער...
דערשרעקט ניט דאָס פּאָרל, דערשרעקט ניט!
ס'פאלט א שניי אינעם פארק פון דער הויך.

שטילער... שטילער...
זיי שווײַגן, ניט וועקט זיי —
די שנייעלעך קושן זיך אויך.
קילע שנייעלעך... ווארעמע ליפּן...
זעט, דעם שניי ניט צעמישט, ניט צעמאָלט,
לויף, טײַערע, לויף! לאָמיר שטיפן!
זיך קײַקלען אין שניי, ווי אמאָל.
פאָרזיכטיק, זאָגסטו? כ׳וועל קושן דיך!
אכרײַעס? אין פרייד און אין וויי!
לאָמיר פאָלגן דעם שניי, וועלכער בושעוועט,
און זײַן רייך, ווי געוויסן פון שניי...

## III

ניין, ניט מיט אויגן שעלמיש־שמײַדיקע
פון שיינע מיידלעך ווינט־אין־פעלדיקע,
א פוס אף פיסעלע, א סיגארעט אין מויל.
נאָר שטיל, פונקט ווי אמאָל, אמאָל
דײַן באָבעשי באם ליכטבענטשן,
ניין, ניט דו האוונסט, נאָר טוסט קישעפן:
דײַן ברויט ווערט האָניק־לעקעכדיק,
א גלאָז מיט וואסער — כיִעסדיקער ווײַן.

## IV

שלאָפט, פארליבטע, שלאָפט...
עס זינגען א ליד אײַך די שטערן,
און יענער זאָל ווערן באשטראָפט,
וואָס וויל אײַער ליבע צעשטערן.

שלאָפט, פארליבטע, שלאָפט,
מיט הייליקן פײַער דערוואַרעמט,
נאָר ווייסט: אומגעריכט גאָר און אָפט
ווערט ליבע געפּרווּוט דורך געפאַרן.

שלאָפט, פארליבטע, שלאָפט,
שלאָפט גליקלעך, ווי קינדער פארוויגטע,
ווער ס'שטערט אײַך, זאָל ווערן באַשטראָפט
אין נאָמען פון אַלע געליבטע.

## V

מאָרגן ווערט גרעסער דער טאָג!
מאָרגן ווערט קלענער די נאכט!
לאָמיר אויפשטיין, געליבטע, פאַרטאָג,
זען, ווי זון נעמט איבער די מאכט, —
אָן בלוט, אָן רעציכע, געשלעג,
נאָר שטיל, צווישן וואָלקנדלעך האַפט,
זון רײַניקט אין הימל אַ וועג
און ברעכט מיט איר בלענדיקער קראַפט
פון שאָטנס אָקשאָנים דעם צאַם.
אַזוי איז פון לאַנג שוין באַשערט,
אַז ווערן זאָל פרײַ און געראַם
פאַר מענטשן די מאַמעניו־ערד.
געשען וועט עס מאָרגן פאַרטאָג,
ווען צו זון וועט איבער די מאכט,
און גרעסער וועט ווערן דער טאָג,
און קלענער וועט ווערן די נאכט.

## VI

דעמלט, עסטערל, דעמלט...
וואָס איז געווען דעמלט?
ס׳איז דעמלט געווען א שײַטער,
די וועלט האָט געשריִען פון שײַטער.
א שלאַנקע בלאָנדהאָריקע בעסטיע,
די אריער־ריקנע, די „בעסטע“,
האָט נאַקעטע ייִדישע מיידלעך
מיט שטעקנס געטריבן צום שײַטער.
נאָר עס האָט געדונערט מײַן דיוויזיע
מיט סנאַריאַדן, ווי דעוויזן:
„שיין טאַכאַס שיין! אײַן טאַכאַס אײַן![1]
און ערגעץ, פּאַרטוליִעט אין וואָלקנס,
געקלאָגט האָט דער נאָווי יעשײַע...
דעמלט, עסטערל, דעמלט,
מיר האָט זיך געכאָלעמט א כאָלעם,
ווי כ׳זע אין א כאָלעם א כאָלעם,
אז דו, צי ניט דו — אָף דיר ענלעך —
דו קומסט צו מיר, זאָגסט: ביסט ניט עלנט!
ווײַל אַלץ, וואָס געווען איז מיר טײַער,
האָט דעמלט פאַרשלונגען דאָס פײַער.

## VII

כ׳האָב מוירע, עסטערל, כ׳האָב מוירע...
ניין, לאָמיר זיך מאַכן ניט וויסן,
לאָמיר זיך בעסער ניט שווערן,
נאָר היטן פון פלעק דאָס געוויסן,

---

[1] א צאָן פאַר א צאָן! אן אויג פאַר אן אויג!

ווײַל ווי איך דערמאָן זיך, ווערט שווער מיר...
אוי, עסטערל!
עס האָט שוין מיך אײנמאָל צעביסן
די ליבע־שלאַנג פון מײַן מאַמעס אַ מײַסעלע...

## VIII

אָ, צויבער־קעסטעלע פון העלפאַנדבײן!
מײַן מאַמעס מײַסעלע פון קינדער־יאָרן,
ס׳האָט אַ באַסמאַלקע מאָלע־כײן
דאָס קעסטעלע פאַרלאָרן.

(אין שטוב איז שטיל, אין אויוון ברענט.
אין גאַס — אַ שניי פאַלט אַ געדיכטער,
די מאַמע פירט מיך פאַר די הענט
אַף ערשטע טרעפּעלעך פון דיכטונג...)

...אַ קויל־קוירע קלינגט אין ווײַטסטער ווײַט:
ווער עס וועט דאָס קעסטעלע געפינען,
די באַסמאַלקע בעמט ער פאַר אַ ווײַב
מיט אַ נאַדן — העלפט פון דער מעדינע!

טרײַבט אַ פאַסטעכל אַהיים די שאָף,
מיט דעם בײַטשל קנאַקט, מע זאָל אים פאָלגן,
זעט ער, בײַ דער סאַזשלקע, לעם דאָרף,
שפיגלט זיך אַ קעסטעלע זון־גאָלדיק.

„אוי, דער מאַלקעס קעסטעלע! געוויס!"
לויפט ער צו און עפנט האַסטיק,
שפרינגט אַ שלאַנג אַרויס און טוט אַ ביס!
ווי צום פאַסטעכל... אַ קעסטעלע — אַ פאַסטקע!

און די שעפעלעך, זיי לאכן פון דער זייַט,
דרייען מיט די עקעלעך די דיבע:
האָסט געוואָלט דאָך די באַסמאַלקע פאַר א ווייַב
מיט א נאָדן — העלפט פון דער מעדיבע!

...איצטער טרעפט, איך פרעג בא זיך אליין, —
וואָס האָסטו געפונען? וואָס פארלאָרן?
דערמאָן איך זיך דאָס קעסטעלע פון העלפאַנדבייַן,
מייַן מאמעס מייַסעלע פון קינדער־יאָרן...

## IX

די ליבע האָט געציילטע ווערטער,
די סינע האָט זיי אָן א צאָל,
געציילטע ווערטער — לאַנג פארווערטע,
ניין, ניט דערמאָן זיי אפן קאָל.

די ליבע האָט איר שווארצן שאָטן,
וואָס טרעט ניט אָפּ און גייט פוסטריט,
און גראָדע אים איז אָפּט געראָטן
צו לעבן לאַנג, דער ליבע — ניט.

אזוי, די גאנצע צייַט דערנעבן,
און נייטיק פונקט, ווי לופט און ברויט,
עס גייט די ליבע און דאָס לעבן
און ביידע ראַנגלען זיך מיט טויט.

1963—1960

# שייקע פייפער

(פון פאָלקלאָר)

I

מע רופט מיך שייקע פייפער,
דאָס ווייסט די גאַנצע וועלט,
איך פייף אף די יאַכסאָנים,
וואָס האָבן זיך מיט געלט.

נאָר דאַרפט איר א גלייכווערטל,
איך האָב א פולע קראָם,
און אויב איר ווילט א לידל —
זינג איך בעקויל־ראָם:
אוי טשירי־בירי־באָם!
אוי טשירי־בירי־באָם!

מע רופט מיך — דער בראָדיאַגע,
קאָלבויניק און וואָס ניט,
און כאָטש איך בין א קאַפּצן,
נאָר א פריילעכער ייד.

און וואָס עס זאָל ניט טרעפן,
אן אומגליק, א פּאָגראָם,

צעלאָכעס אַלע סאָנים,
זינג איך בעקויל־ראָם:
אוי טשירי־בירי־באָם!
אוי טשירי־בירי־באָם!

## II

## שייַקע רעדט מיט דעם ווייַב

— אוי, ווייַבעלע־טייַבעלע,
געננוג מיט די קלאָלעס,
איך האָב שוין אַ בייַטש,
איך ווער אַ באַלעגאָלע!

— אוי, הולטייַ, ראַזבוינִיק,
דו ביטערער שיקער,
די בייַטש גיט קיין ברויט ניט,
אַ פערד איז דער איקער!

— אוי, נייַן, דושע־לעבן,
איך ווער אַ פאַרדינער,
זאָל זייַן נאָר אַ בייַטש,
וועט אַ פערד זיך געפינען...

## III

## שייַקע ענטפערט

— וואָס שטייסטו, שייַקע, אויפן דאַך און קוקסט אין אַלע זייַטן?
— איך דאַרף דערזען, ווי אַף זייַן פערדל וועט אהער מאָשיעך רייַטן.

— און וואָס וועט זייַן, ווען דו דערזעסט מאָשיעכן פונווייַטן?
— איך לויף די סימכע אָנזאָגן אין שטעטעלע באַצייַטנס.

— און קאָהאָל האָט דײַן ארבעט כאָטש פארעכנט אין דער סמעטע?
— גלאָמפ! אז ניט, וואָלט איך דאָ שטיין פון פרי ביז אָוונט שפעטן?!

— און סכירעס צאָלט מען דיר דערפאר עפעס נישקאָשעדיק?
— א האלבן קערבעלע א וואָך און מער קיין האלבן גראָשן ניט.

— אוי, שײַקע, שײַקע, ווייניקלעך! אף ברויט נאָר און אף בולבע.
— גלאָמפ! דערפאר אָבער אף אייביק שוין א סלוזשבע.

## IV

## שײַקע דער אייצעגעבער

— שײַקע, וואָס טוט מען?
דער סטאנאָוואָי
טרינקט זיך און גוואלדעוועט:
יידן, ראטוי!

— ווארפט אים א שטריק.
— ער נעמט ניט, דער ביק!
— שײַקע, וואָס טוט מען?
מע זעט אים ניט... אויס...

— ווײַזט אים א קערבל —
שפרינגט ער ארויס!

1964

## אללאַ...

א ללאַ!
— אללאַ!
איך קלינג צו אלע גוטע מענטשן פון דער וועלט:
געוויס דערקענט איר לויט מײַן שטימע,
אַז ס'איז בײַ מיר אַ גלענצנדיקע שטימונג.
ער גייט!
ער גייט צו אײַך —
דער ערשטער כּיִעסדיקער פריילינג־טאָג
און האַלט אין האַנט אַ פולן קאָס מיט זון:
— לעכאַיִם, ברידערלעך, לעכאַיִם!
טרינקט, ווידעס האַרעפּאַשנע, מיט די אייניקלעך
און זאָגט מיט מיר די דיכטערישע בראָכע:
— פריילינגען פון גאַר דער וועלט, פאַרייניקט אײַך!

1964

• • •

ווי עס טרײַבט דאָס ייִנגעלע זײַן לאָשעק קופּער־ברוינעם,
טרײַבט מיך אויכעט דער פרימאָרגן צו מײַן לידערפולן ברונעם.

אף מײַן שרײַבטיש זינגען גראָזן, ווײַט א ווינטל פריש און
דאָרפיש,
רוף איך, זוך איך מײַן געליבטע, ווײַל איך בין נאָך הייס און
דאָרשטיק.

כ׳האָב איר מויל מיט מײַנע קושן יונג־פילטאַמיק אָנגעפויעט,
טאנצט מײַן ליד צופרידן, ווי דאָס לאָשעקל דעם פויערס,

וועלכער ווייסט, אז טרײַבן אים צום ברונעם איז פיל גרינגער,
ווי באפוילן אים צו טרינקען. מיט קיין בײַטש וועסטו ניט
צווינגען!

1965

# קאַלי לאַסקאַ...

ווען, אין וועלכן יאָר, אין וואָסער כוידעש,
ניט נאָך גאָלד, פֿאַרשטייט זיך, נאָך אַ ביסן ברויט,
איז אַהער קיין בעלאַרוס מײַן עלטערזיידע
אָנגעפֿאָרן מיט אַ פֿלוימע קינדער אין אַ בויד.

צי פֿון שפּאַניע געטריבן, צי פֿון פּרײַסן,
מיט אַ געבעט צום אייבערשטן: הױשיִאָ־נאָ!
אָנגעקומען איז די בויד אַהער אין רײַסן,
אָפּגעשטעלט זיך לעם דעם טײַך בערעזינאָ.

זאָגט מען, אַז אַ בער האָט זיך דערשראָקן,
נאַשנדיק דעם האָבער לעבן טראַקט,
ווען דער זיידע איז אַראָפּ פֿון בויד אין ווײַסע זאָקן,
מיט די לאַנגע פּייעס, אין אַ לאַפּסערדאַק.

האָט דער ערשטער ייִד דער בעלאַרוסער
צו אַן אַלטן פּויער אָנגעקלאַפּט אין טיר:
— דאָברי וועטשאַר, טשעלאָוועטשע! עפֿן אויף, דעדוסיע,
הײַנט איז שאַבעס, וועל איך אָפּרוען בײַ דיר.

— וועטשאַר דאָברי, טשעלאָוועטשע! קאַלי לאַסקאַ!
קאַלי לאַסקאַ, קום אַרײַן אין הויז...
האָט מײַן זיידן אויסגעדוכט: ער הערט אַ באַסקאָל!
אַז דער גוטער נאָווי עליִאָהו איז צו אים אַרויס.

„וואָס איז קאַלי לאַסקאַ? ווער איז קאַלי לאַסקאַ?
פֿון טאַנאַך אַ פּאָסוק? צי אַ שפּרוך אַף גליק?"
האָבן אַלע סאָסנעס פֿון ווײַסרוסלאַנד אים געענטפֿערט ווי אַ באַסקאָל:
לעבן! באָ יאַ — מוזשיק.

דאָ געלעבט. און דאָ געפּאָקט. און דאָ געמאָזלט.
טעכטער אויסגעהאָדעוועט מיט האָניק־זיסע בריסט.
אוי, ווײַסרוסלאַנד, דו מײַן וויגעלע, מײַן דאָברע מאַזל,
דאָ אין מינסק האָט מען געטרונקען אַף מײַן בריס.

און ביט ווײַט, פֿון הינטער וואַלד דאָ, פֿון אַ שטעטעלע, מײַן קאַלע
איז צו מיר אין הארצן אַין ווי אַ ליד אַרײַן
מיט איר טאַטן, וואָס קלאַפּט אויס אַף דער קאָוואַדלע
זײַנע שאַבעסדיקע כאַלע
און דאָס פּייסעכדיקע בעכערל מיט ווײַן.

אוי, ווײַסרוסלאַנד, מײַן ליאַוואָניכע! מײַן אוילעם־האַזע!
יונגע פּויערטע מיט הענט, וואָס קענען דרייען שטיינער פֿון אַ מיל...
וויפֿל רײַכע קינדער פֿון אַמאָליקע גימנאַזיעס
האָסטו אויסגעהאָדעוועט מיט דײַנע מילך!

אוי, ווײַסרוסלאַנד, טויטע שטעטעלעך, פֿאַרלאָזענע בעסאַלמענס,
עפּשער איז אַ נעס גאָר, וואָס איך לעב?
אוי, ווו זײַנען די רעב וואַלמענס, די רעב קאַלמענס,
מײַנע גאָלדעס מיט די שוואַרצע צעפּ?

גרינגער וואָלט מיר זײַן דאָך פּאָשעט זיך צעווייגען,
איידער מײַנע טרערן גראַמען אין אַ ליד,
לעם די גריבער, ווו די בלומען קושן טויטע ביינער,
שטיי איך אַף דער וואַך — אַ לעבעדיקער ייִד.

נאָר פֿון אַלע סאָסנעס שווימט אַרויס אַ באַסקאָל,
פֿון טאַנאַך אַ פּאָסוק? צי אַ שפּרוך אַף גליק?
— ווײַן ביט, טשעלאָוועטשע! כ'בעט דיך — קאַלי לאַסקאַ!
קום אַרײַן! באָ יאַ — מוזשיק.

1958

# דער גוטער שאָכן

געווים ביזן טויט וועט פארבלייַבן אין הארצן:
מינסק. פראָלעטארסקאיא. הויז נומער אכצן.

און מיר איז שוין אכצן!
ווי הייס כ'האָב געקושט און צום הארצן געטוליעט
א מאלעך מיט צעפ פון מענדעלעס שטעטל קאפוליע.

— ברענג מיר צווייַגעלעך בעז, — בעט מיך מייַן ליובעניו־דושע, —
וויפל צווייַגעלעך בעז — אזויפיל מאָל וועל איך דיך קושן...

אין גאָרטן, באַם שאָכן, זיך וויגן געטאָקטע, ווי בעכער,
די צווייַגעלעך בעז, אין זון און אין רעגן צעפעכערט.

אין גאָרטן אָט דעם, באַרינגלט מיטביימער און קוסטעס געדיכטע,
געלעבט האָט בישכיינעס אין הילצערנער שטוב א ווייַסרוסישער
דיכטער.

געטרונקען צוזאמען פון איין און דעם זעלביקן קרענעץ,
א שטילער, א מאָכיקער פארקאן געווען אונדזער גרענעץ.

...באגינען. איך שאר זיך לעם פארקאן... און אָט בין איך דאָרטן!
איך רייַס זיי, די צווייַגעלעך בעז, באַ דעם דיכטער אין גאָרטן.

אוי, ווען די ערד וואָלט מיך קענען אָט דעמלט פאַרשלינגען!
דער דיכטער! ער זעט מיך און שמייכלט: ניט שרעק זיך נאָר, יינגל...

דו מיינסט, ס'טוען באַנק מיר די צווייַגעלעך בעז צי די קווייטן?
אָ, ניין! מיך פאַרדריסט נאָר,
וואָס דו ביסט געקראָכן זיי רייַסן געהיים בא א צווייטן...

דו שרייַבסט, האַכט זיך, לידער, — דערציילט האָט דייַן פאָטער, —
צי ווייסטו, ווען בליִען די לידער געראָטן?

ווען דו ווערסט געפינען די וואָרצלען — און גאַנצע —
אין אייגענעם הארצן דו פּרוּוו זיי פאַרפלאַנצן.

א ליד איז א מענטש! און ביידע זיי זייַנען פאַרפלאָכטן.
דו ווילסט זייַן א דיכטער? איז האָב זשע אן אייגענעם גאָרטן!

...אוועק זייַבען טעג.
אוועק זייַבען יאָרן.
איך האָב מייַן געליבטע אַף אייביק פאַרלאָרן.

דערפאַר איז אַף אייביק פאַרבליבן אין הארצן —
מינסק, פּראָלעטאַרסקאַיאַ, הויז נומער אַכצן.

1946

# דער רוסישער אינטעליגענט

זײַן נעשאָמע האָט דערמאָנט אן עאָל־הארפע...
א. לונאטשארסקי.

אוקרײַנע ברענט. פּאָלטאַווע ברענט.
מאַכנאָ! און לעבן װאָלף מעסערס!
מע שיסט אין פענצטער און אין װענט,
מע זשליאָקעט בראָנפן פון די פעסער...

אהא! מע שלעפּט אים אױפן ראָג...
אָט! אָט! מע װעט אים באַלד צעשנײַדן,
דעם שולדיקן אין אַלע פּלאָג, —
דעם אַלטן ייִד, דעם שנײַדער...

— שטײט! שטײט! לאָזט אָפּ דעם ייִד!
(א זאָקן שרײַט. א קריסט —
מיט רײנע אױגן פון א מאַלעך...)
— אנו, באַשיצער, זאָג אונדז, װער דו ביסט?
א באַרעמהאַרציקער? א גאַלעך?

...ער קלאַפּט צום אַטאַמאַן אין טיר:
— איר זײַט א מענטש צי גאָר א הענקער?

שטעלט אָפּעט דעם פּאָגראָם! איך פּראָטעסטיר!
איך הייס — וולאַדימיר קאָראָלענקאָ...

אוקראַיִנע ברענט. פּאָלטאַווע ברענט,
און די באַנדיטן קוילענען און שיסן.
אַן אַלטער רוסישער אינטעליגענט
זוכט אַף די גאַסן דאָס געוויסן...

1957

# די שוועכ

פון וואָלגע האָט אין סטעפּ געפּײַפט
א פראָסטיק־שנײַדנדיקער ווינט,
און אויף די פּענעמער איז נאָך געווען פּײַכט
די לעצטע טרער פון ווײַב און קינד.

און די שינעלן — נײַ און גלאַט
(דערווײַל קיין פּולווער ניט געשמעקט),
אויף יעדער ברוסט — אַן אווטאָמאַט,
א לעפל פון כאַליאווע שטעקט...

דער סטאַרשינא, ער קוקט און קוועלט:
די ברוסט — פאָרויס! ביסט א סאָלדאַט!
די שטיוול־נעזלעך — גלײַך צעשטעלט!
ווי ס'וואָלט איין מאַמע אײַך געהאַט.

עס שנײַדט דער פראָסט. נאָר שווײַג און שטיי!
די ברוסט — פאָרויס! און ניט גערעדט!
דער קלענסטער — לעצטער אין דער ריי —
פון מינסק א יידישער פּאָעט.

עס קלינגט באַם קאָמאַנדיר די שטים.
אין האַנט — א בייגעלע פּאַפּיר.

ער לייענט הויך, און מיר נאָך אים:
מײַן פֿאָטערלאַנד, מיר שווערן דיר...

...און שאַגאַם אַרש! און פֿריילעך גיי!
עס בריט דער פֿראָסט. איז ניט גערעדט!
דער קלענסטער — לעצטער אין דער ריי —
פֿון מינסק א ייִדישער פּאָעט.

און דאָרט, ווו ס'האָט דער קאַלטער ווינט
געהערט, ווי ס'רעדט דער קאָמאַנדיר, —
איך זע: א מאַלעך שטייט. מײַן קינד!
די שוווּע האָט געקוקט אף מיר...

1941

# דער רויע ווײַנע נירע

ה. סמאָליארן

אוי, דו געסל אָבוטקאָווע,
געסעלע וועליאָנע,
ס׳קוקט אַף אײַך פון הויכן הימל
א דערשראָקענע לעוואָנע.

בא די מאָכיקע פּארקאַנעס
שארט זיך שטיל א פּליצע,
ס׳קלאפּט טוק־טוק אין שײַבעלעך,
ס׳קלאפּט דער קעסל־הייצער.
— ווער איז ער?
— פונוואַנען גייט ער?
— ווו איז דאָ זײַן דירע?
— שטילער, ייִדן, שטילער...
— א רויע ווײַנע נירע!
— שאַ! ער רעדט דאָך...
— לאָמיר הערן...
— וואָס דערציילט ער אונדז?
— וואָס ווייסט ער?
און עס קלינגט אין דער „מאליבע“
ווערטער פײַער־הייסע:

— פון די גריבער, אף טוטשינקע,
הערט איר, ברידער, קוילעס?
די געסטאפאָ בושעוועט,
די געסטאפאָ קוילעט...
ווילן מיר דען שווייַגן, ברידער,
שווייַגן ווי די קעלבער?
זייַן געננוג צו זיצן שיווע,
גייט ארויס פון קעלער!
אויב ס׳איז יאָ באַשערט צו שטארבן,
ווייסט איר וואָס ס׳איז בעסער?
האַק אַרייַן אין סוינעס רוקן,
האַק אַרייַן א מעסער!
אין די וועלדער באַליבאָקער,
אין די אַלט־דובראַווער,
ווינטשן אונדז אריכאַס־יאָמים
די ווייַסרוסישע קוקאַוועס...
דאָרט, אין דערפל סקרימאָנטאָווא,
וועסטו אַלצדינג קריגן —
אוגערקעס און ברויט א לעבל,
זויערמילך א קריגל.
* * *
באַ די מאָכיקע פּאַרקאַנעס
שאַרט זיך שטיל א פּלייצע,
ס׳קלאַפּט טוק־טוק אין שייַבעלעך,
ס׳קלאַפּט דער קעסלהייצער.
— ווער איז ער?
— פונוואַנען גייט ער?
— ווו איז דאָ זייַן דירע?
— שטילער, ייִדן, שטילער...
— א רויע ווערינע נירע!

1946

## וואַרצלען

צעקלאַפּטע ווענט. ווי שטיל עס טליִעט
די שטאָט — אין רויך און קופּעס אַש.
אַף פּלעצער שטייען נאָך די טליִעס...
ניטאָ קיין גאַסן. אַ מישמאַש

פון קופּעס ציגל, אײַזן, קלעצער.
אַ קעצעלע... עס זוכט דעם הויף...
און פּאַרטיזאַנער אַף די פּלעצער
פון וועלדער קומען זיך צונויף.

נאָר זע! —
ווי גלײַך אַ ווונדערלעכע סטראָפע,
וואָס בלײַבט אַף אײביק פון אַ ליד, —
אַ געסל. הײַזער. טירן — אָפן...
און אַ קאַשטאַן אין סאַמע בלי.

עס פעלט, עס זאָל זיך נאָר באַווײַזן
די ווײַסע צנועלע, די ציג,
און דעמלט שטאַרקער זײַ פון אײַזן,
און דעמלט פרווו די טרער דערשטיק.

און דאָ אין שטיבל, אײַנגעבויגן,
זיצט באַ אַ טישל וויפל שאָ —

אן ארכיטעקטאָר צייכנט אף א בויגן
דאָס נײַע אויסזען פון דער שטאָט.

נאָר אויסמעקן האָט ער פארגעסן
זײַן היים! זײַן וויגעלע. זײַן ליד.
פארכידעשט זעט ער, אז זײַן געסל
עס שטייט אין צענטער, אין דער מיט,

ס'איז גאנץ ארויס פון סוינעס פײַער,
ווי ס'טרעפט אין מײַסעלעך א נעס...
זאָל ער פארמעקן מיטן בלײַער?
אליין פארטיליקן זײַן נעסט?

לעב, לעב, מײַן געסעלע, ס'פארהיטע! —
האָט ער געזאָגט צו זיך אליין. —
בא דײַן ארײַנגאנג, פון גראניט געשניטן,
א ווײַסינק ציגעלע וועט שטיין.

מיט יענץ, דאָס שטילינקע, וואָס אָכצעט,
נאָר דאָס, וואָס שרעקט זיך מיט פאר וועלף
און זאָגט: צעהאק מיט דײַנע וואָרצלען,
אויב דו ווילסט לעבן אף דער וועלט!

1947

5*

## דעם קלעזמערס אייניקל

א פינצטערע נאכט. עס רוט די דיוויזיע.
עס שווייגן אין קוסטעס די טאנקען.
א קאלטער ווינט פון א דייטשישן טייך
רייסט זיך אריין אין זעמליאנקע.

באלד הייבט זיך אן די לעצטע שלאכט,
געבליבן געציילטע שאען.
און בלויע ראקעטעס וועקן די נאכט —
די דייטשישע הויפטשטאט איז נאענט.

דערווייל איז נאך שטיל. און ס׳ווייסט ניט דער פיינט,
ווען אנקומען וועט יענע רעגע,
ווען ס׳וועט זיך פארציען דער אייזערנער שלייף
און אראפ וועט פון פייער א רעגן.

עס קלאפט א מאטאר. ווער טראגט זיך אהער
אין כוישעך פון נאכט פארוויקלט?
דאס פליט פון שטאב דער אדיוטאנט
און ס׳קנאקט זיין מאטאציקל.

א לעמפעלע בליצט בא אים אין דער האנט,
ער נישטערט צעווישן די טאנקען:
— ווו איז לעווין דער סערזשאנט?
— לעווין? דארט, אין זעמליאנקע!

— שטיי אויף, סערזשאַנט! דיך רופֿט דער גענעראַל,
דאַכט זיך, דו ווייסט זײַן טעווע:
הער און ענטפֿער. קורץ און קלאָר!
פֿאַרשטאַנען, מײַלעך לעווין?

עס קלאַפּט אַ מאָטאָר. עמעצער יאָגט
אין כוישעך פֿון נאַכט פֿאַרוויקלט.
צוויי מענטשן שפּרינגען אַראָפּ לעם שטאַב
פֿון הייסן מאָטאָציקל.

אַ בענקל. אַ טישל. און אויף דער וואַנט
עס וויגט זיך אַ שאָטן אַהער און אַהין...
אַ רויטער בלײַער צייכנט אַ שלייף
אַרום דעם האַלדז פֿון בערלין.

— מײַלעך לעווין?
— איך הער, גענעראַל!
— צווייטער נומער?
— יאָ, גענעראַל!
— אַ מוזיקאַנט?
— יאָ, גענעראַל!
— שפּילסט אויף אַ פּויק?
— ניין, גענעראַל!
— נו, אויף אַ פֿלייט?
— ניין, גענעראַל!
— אויף אַ טרומייט?
— ניין, גענעראַל!
— אויף וואָס זשע שפּילסטו, ענטפֿער, סאָלדאַט!
— אויף אַ האַרמאַט!
— און פֿאַר דער מילכאָמע?
— אַ... פֿידל געהאַט.
— אַ פֿידל?! אַן אײַדעלער אינסטרומענט...

5-535

שאף אן אָרקעסטער! דו — דיריגענט!
אָבער עקסטרע. היינט. באַנאַכט.
און קום ראַפּאָרטירן. מאָרגן. אַכט.
איך וויל, אין בערלין, ווען מיר'ן אַריין,
זאָל שפּילן מוזיק, זאָל פריילעך זיין.
אַלץ פאַרשטאַנען? ענטפער, סערזשאַנט!
זע נאָר, דו שווייגסט עפּעס גאָר, מוזיקאַנט...
מיילעך לעווין, וואָס איז מיט דיר? —
פרעגט אים דער אַלטער קאָמאַנדיר:
— האָסטו אַ ווייב?
— געהאַט, גענעראַל!
— האָסטו אַ קינד?
— געהאַט, גענעראַל!
— אַ טאַטן, אַ מאַמען?
— געהאַט, גענעראַל!
— וווּ זיינען זיי אַלע?

שטיל אין זעמליאַנקע. אַ לעמפּעלע ציטערט.
און ס'הערט זיך אַן ענטפער:
— אַלע... צעשניטן...
אַפילו דעם ייִדן געשלעפּט פון דער שטוב
שפּילן אַ „פריילעכס" בײַ דער גרוב.
נאָר איך האָב געשוואָרן, געגעבן אַ וואָרט,
בײַ זיך אין דער היימשטאָט, אויף יענעם אָרט,
אַז קאָלומאַן עס לעבט נאָך דער לעצטער פאַשיסט,
בין איך ניט קיין פידלער — אַן אַרטילעריסט!
איך שווער אייך — איך ווייס ניט קיין גרעסערן גליק
ווי דאַן, ווען עס שפּילט מיין האַרמאַט זיין מוזיק...
דערלויבט, גענעראַל, לאָזט מיך צוריק...

• • •

א ראַקעטע שנײַדט ווי אַ דימענט דעם הימל...
אַ בלויער פלאַם אין דער נאַכט.
און ס'פליִצט פון האַרמאַטן אַ פײַער —
די לעצטע אַנטשיידענע שלאַכט.

עס ברענט בערלין!
און גאַסן אויף גאַסן
פאַרלעשט זיך דער לעצטער קנאַל...

— אַכטונג! עס פאָרט דער גענעראַל!

— סערזשאַנט לעווין!
— איך הער, גענעראַל!
— פאַר דיר אַ מאַטאָנע...
— אַ דאַנק, גענעראַל!
— זעסטו די פידל?
— איך זע, גענעראַל!
— דו ביסט ניט מיד?
— ניין, גענעראַל!
— איז שפּיל אויס אַ ליד...
— איך שפּיל, גענעראַל!
— שפּיל איצט אין פריידן...
— איך שפּיל, גענעראַל!
— פאַר טאַטע־מאַמע, פאַר דעם ייִדן...
— איך שפּיל, גענעראַל!

• • •

עס ברענט בערלין. פון הויכע מויערן
דערטראָגן זיך אופרײַסן אייניקע...
בײַ די בראַנדענבורגער טויערן
שפּילט אַ „פריילעכס" דעם קלעזמערס אייניקל.

1945

## סאָניע מאַדייסקער

שטיי אויף! דו לעבסט! דיך וועקט מײַן ליד!
זי עפֿנט דײַנע אויגן.
זי האָט בא דיר פֿון האַרץ צוריק
די קויל אַרויסגעצויגן.

שטיי אויף! דו לעבסט! די גאַס איז פֿרײַ.
פֿון שפּירהינט ניט באַלאַגערט.
איך עפֿן אויף די טיר פֿאַר דיר —
די טיר פֿון מײַן באַלאַדע.

...די ווילנער געסלעך צאַפּלען שטום,
ווי עמעץ וואָלט זיי שטיקן.
דער מוילעד וויגט זיך הין און הער
אין וואָלקנס אײַנגעוויקלט.

ער קוקט פֿון געדימינער באַרג
און אַף דער געטאָ לויערט.
באַר וועמעס שאָטן שלײַכט פֿאַרבײַ,
ווער שאַרט זיך לעם אַ מויער?

ווער גייט איצט אַזוי שפּעט אין גאַס?
ווער שאַרט זיך לעם דער געטאָ?

ס'איז איצטער צייַטן אַנדערע,
אַף טריט און שריט פאַרעטער.

ניט קוק! ניט רייד! ניט וויין! ניט לאַך!
אַז ניט — אַ קויל אין האַרצן.
צי שטאַרב צעפּאַסעוועט פון קנוט
אין דעם געסטאַפּאָ־קאַרצער.

ווער גייט אַף ווילנער גאַסן, ווער —
אַ טרוימעריש־פאַרבענקטע,
אַ שטילע, אַ גאָטספאַרכטיקע
פּוילישע פאַנענקע...

אַ ציילעם־קייטל אַפן האַלדז
און אַף דער ברוסט אַ בראָשקע.
ווי יונג דו ביסט! ווי שיין! ווי שלאַנק!
אָ, קאַטאַזשינאַ ראָמאַנאָווסקע...

די שפּירהינט לויפן דיר פאַרביי...
(ווער ווייסט, אַז נאָך פון שול־באַנק
געדענקסטו פּערעצעס אַ זאַץ,
אַ ליד פון מוישע קולבאַק).

ווער ווייסט, אַז די, וואָס קניט פאַרנאַכט
בא קלויסטערס, לעם די געטער,
וועט באַלד אַ פּיסטאָליעט אין ברויט
אַריינשמוגלען אין געטאָ.

באַהאַלט זיך, קאַטאַזשינאַ, גיך!
דער אַגענט שפּירט. נו, שנעלער!
אַ טויט־שטראָף, הער איך, קלאַפּט דיר אויס
די פויק פון די באַפעלן.

מע קלאפט צו דיר. מע רײַסט די טיר.
דער הויף — ארומגערינגלט.
דײַן הייסער פינגער טוט א קוועטש
אף דעם רעוואלווער־צינגל.

...שטיי אוף! דו לעבסט! דיך וועקט מײַן ליד,
זי עפנט דײַנע אויגן,
זי האט בא דיר פון הארץ צוריק
די קויל ארויסגעצויגן.

שטיי אוף! איך זינג איצט אף דײַן גאס,
דער הויף איז ניט באלאגערט.
איך עפן ברייט די טיר פאר דיר —
די טיר פון מײַן באלאדע.

1959

# אנא פראנק

הויד אפן ערדקויל, אין דער מיט,
ווו ס׳קאָן א פויגל ניט דערלאנגען,
שטייט אנא פראנק און זינגט א ליד,
און וועקט די נידערלאנדן.

זעט, זעט! זי טאנצט! און האלט אין האנט
אן אָנגעצונדענע מענוירע...
פאמעלעך! — שרײַ איך. — אנא פראנק!
זי לאכט, די שטיפערקע. זי האָט ניט מוירע.

זי זינגט. א שניי קושט אירע האָר,
און ס׳קלינגט א ליד, וואָס כ׳האָב פארגעסן...
און זי געדענקט! און שטעלט זיך פאָר —
א ליד גאָר פון מײַן מאמעס געסל:
אוי, כאנעקע, אוי, כאנעקע,
א יאָמטעוו א שיינער...

זי טאנצט. און קלאפט אין ערדקויל, קלאפט
מיט אירע הילצערנע אָפצאסן.
דער יאם — פון שלאָף זיך אויפגעכאפט
און פלייצט אף אמסטערדאמער גאסן.

און זי —
מיט דער מענוירע אין דער האנט,
זי טאנצט, זי לעבט. די אויגן — אָפן...
זי קלאפּט אין ערדקויל — אנא פראנק!
און לאָזט ניט שלאָפן... לאָזט ניט שלאָפן...

1960

# מיַין ייִנגעלע

ווען האלבנאכט פּאוואָליע־שאלוועדיק
נעמט פון טורעם קלינגען,
אין א פּעלצל מיט א שאלעכל
וויַיזט זיך א קליין ייִנגל.
גייט דורך גאסן, גייט דורך פּלעצער,
דרייט זיך ארום הײַזער,
טוט א ביס א האָניק־פּלעצל
און נעמט ווידער שפּריַיזן.
ציט ארויס א דודעלע
פון די וויַיסע וואָליקלעך,
פון זיַין מיַילכל, שפּרודלדיק,
פליסט דעם זיידנס וואָלעכל.
וועמען רופט ער? וועמען וועקט ער?
וועמען זוכט דאָס ייִנגל,
ווען האלבנאכט אָן אופגעוועקטע
נעמט פון טורעם קלינגען?..
וויל איך שריַיען: עוּוריקאַ!
(ענדלעך אים געפונען!)
נאָר ס׳פארשווינדט מיַין וועוּוריקל
אין די שנייען־פונקען.

שמיַיסט דער ווינט אין נאקן מיר,
און, ווי איך, ער פיבערט.
כ׳זע, ווי קינדער נאקעטע
שיסט מען בא די גריבער...

1964

# א ראָמאַן אין פינף סטראָפעס

די מאַמע שווײַגט. דער טאַטע שווײַגט.
זיי קענען זיך ניט שיידן,
ווײַל זי — א קינד, א צאַרטע צווײַג,
זיך וויגט צווישן ביידן.

זי ווייסט נאָך ניט, אַז ערגעץ שטום,
ווי א געהיימע מינע,
דאָ ליגט, אַף אופרײַסן די שטוב,
א הייסער קנויל פון סינע.

און ווער איז שולדיק, ווער גערעכט —
זי קאָן עס ניט אַנטשיידן,
נאָר אין דעם פײַנלעכן געפעכט
זי וויגט זיך צווישן ביידן.

זיי ברענגען איר די ליאַלקעלעך,
און שאָקאָלאַדנע פלעצעלעך,
און לידער וועגן ענטעלעך,
און קיצי־קיצי קעצעלעך.

צעריסן האָט זי זיי. פאַרברענט!
ניין, ניט געוויינט. געשוויגן.
ווײַל סאָפּקאָלסאָף האָט זי דערקענט
דעם עמעס און דעם ליגן.

1964

# א פּאָסעק פון טאַנאַך

אין די מאַרטענען בושעוועט א פייער־קוואַל,
וואָס הודעט ווי א ווייטע קאַנאָנאַדע,
עס וואַרטן שווייגנדיק אף דעם סיגנאַל
די יונגע שטאָלגיסער, די נאַכט־בריגאַדע.

אף ווייטע פעלדער, אין קורגאַנען שטומע,
די טאַטעס זייערע פאַרצוקט פון פייער,
און דאָ וועט באַלד א פלאַמיק־פליצנדיקער שטורעם
א זעץ טאָן פון צעשמעלצטע טויט־קלייזייען.

די וועלט האָט אופגעוועקט א פּאָסעק פון טאַנאַך! —
ווו ניט קיין ווערטער — הייסע אויגן שייַנען...
און ס'האָט א סקולפּטאָר, ווי די שטאָלגיסער באַנאַכט,
געהאַקט א דענקמאָל פאַר דעם פּאָסעק פון יעשייַע.

1964

## מײַקל... ענדריו... דזשיימס...

עס קלאַפּן אין טויער פון שטאָט זאַלבעדריט:
צוויי באָכערים — ייִדן, א נעגער אין מיט.

— היי, עפנט אונדז, מענטשן! שטייט אוף, קומט ארויס!
מיר האָבן א טײַנע צו אײַך. הערט אונדז אויס...

נאָר ס'וויגט זיך די שטאָט פון א כאַזערשן כראָפּ,
זי וויל זיי ניט הערן, כאָטש שפּאַלט איר דעם קאָפּ.

און ווײַטער מאַרשירן אף שליאַך זאַלבעדריט:
צוויי באָכערים — ייִדן, א נעגער אין מיט.

נאָר פּלוצעם די ביימער זיך האָבן צעלאַכט
און... א שאָס האָט צעריסן די נאַכט.

...דערזען האָט אף מאָרגן די זוניקע ליכט:
דער דריטער געווען ניט קיין נעגער — נאָר איד!

עס ליגן צוויי יונגען און איד אין דער מיט.
עס שווײַגן די טויטע. עס לעבט זייער ליד.

1965

# מײַסעלעך

## דער אָטעם פֿון לעבן

...און ער האָט אַרײַנגעבלאָזן אין זײַנע נאָזלעכער
דעם אָטעם פֿון לעבן.

די טויטע װוּנדער־װעלט פֿון „טיר"
אין זומערדיקן ראַכװעסדיקן פּאַרק
האָט שטום געגלאַנצט פֿון בונטע פֿאַרבן —
די װיגטמיל אפֿן פֿעלד,
דער פּויקער אפֿן פּלאַץ,
דער אָדלער אפֿן באַרג,
די לופֿט־מאַשין אין הימל...

א פֿויערס אייניקל לעם צאָם
האָט װיפֿל מאָל אַקשאָנעסדיק געשאָסן
און ניט געטראָפֿן.
און קינדער — פֿול אין זאַל — האָבן געלאַכט,
אָט־אָט, דאָס ייִנגעלע װעט זיך צעװיינען.
האָט דערמאָנט ער, דער גרויער מאַן,
אין העמד פֿון פֿרישן לײַן,
די ביקס גענומען אין די אויסגעהאָרעװעטע הענט,
װאָס ביגן שטעכן ניט, נאָר קושן...

און פון דער קאַלטער רער האָט אויסגעשאָסן
ניט קיין קויל —

דאָס שיינע מיידעלע פון כומעש! —
זייַן לעבעדיקער אָטעם, זייַן נעשאָמע...
די טויטע וווּנדער־וועלט האָט האסטיק זיך צעוויגט,
און ס׳האָט גענומען קלינגען, פליִען, שפּילן, טאַנצן...
יאָ, יאָ, עס האָט געדאַכט:

די טויטע ביימעלעך האָט אופגעוועקט א ווינטל.
דער זיידע האָט געטראָפן ווו מע דאַרף —
אין סאַמע האַרץ, אין פּינטל!

## דער טורעם

לאָמיר אויסבויען א טורעם, ער זאָל
אונדז פאַרייניקן.

...און ווידער עס קומען אפּסניי אין וועלטס ריזיקער שטאָט
פון אַלע מעדינעס די יונגע בניי־אָדאָם, געשטראָפטע פון גאָט.

פאַר בויען דעם טורעם — אַמאָל נאָך מיט טויזנטער יאָרן צוריק —
ער האָט זייער לאָשן צעמישט און אויף אייביק צעזייט זיי, צעקריגט.

נאָר זעט: די אַקשאָנים זיך ווידער פאַרזאַמלט! און דאָ זיך באַטראַכט:
פאַראַן א געמיינזאַמער לאָשן — דער לאָשן פון האַרץ!

ער קלינגט ניט פון מויל גאָר, נאָר טיף פון די אויגן ער זינגט...
א טויבן־געטערקל, א פרילינג־געפּליסטער עס קלינגט אין אים, קלינגט.

עס זינגען די גאַסן, עס שאַלן טרומייטערס און ס׳הערט זיך העט־ווײַט:
היי, יונגע בניי־אָדאָם, שוין צײַט אונדזער טורעם צו בויען, שוין צײַט...

פון ווײַט זאָל ער אויסזען — א ריזיקער פויסט, וואָס איז שטאָליק־געזונט
און שטייט, ווי אַן אייביקער דענקמאָל פון אונדזער געמיינזאַמען בונד.

...ווען ס׳האָבן דרײַ יונגען פאַרפעסטיקט די פאָן צו דעם שפּיץ,
די ערד אומגעריכט האָט א צאַפּל געטאָן פון א בליץ.

און ס׳האָט מיט אַ דונער־געקנאַל זיך אין הימל אַ פּענצטער צעפּראַלט,
און ס׳קוקט אויף די שליכים די יונגע... יעהאָוועס! שוין טיף איינגעהויקערט
און אַלט.

שוין קאַליע די ריָע באַם זאָקן... נאָר דאַכט זיך — ער האָט זיי דערקענט!
די קינדער פון יענע... פון די, וואָס מע צאַפּט בײַ זיי בלוט און מע ברענט...

און ווידער מיט דונער־געקנאַלן עס האָט זיך דאָס פּענצטער פאַרמאַכט,
און ס׳האָט אַ געוויין זיך געריסן פון הימל אַ גאַנצענע נאַכט.

נאָר הויך, אויפן שפּיץ, האָט געזונגען די פאָן אַזוי פריילינגדיק־צאַרט
אויף אייביקן לאָשן פון מענטשן — דאָס לאָשן פון האַרץ.

1965

# דערמאָנונג

...די ערד און הימל האָבן זיך צעמישט,
אין טונדרע האָט געדעוועט די זאווײ,
און ס׳קלאפּט מײַן הארץ, ווי גלײַך א הירש
א ביט־דערקוילעטער פאר לעצטן אויסגעשריי...

ווו זײַנען מיר? ווייסט גאָט אליין!
נאָר שווײַג און האק די שטיקער זאמד.
ניין, ניט דער טויט איז שרעקלעך, ניין! —
פאַרוואָס האָט ער זיך ווו פאַרזאמט?

מײַן שווערער גורל — ווי א זעג
איז טיף ארײַן צו מיר אין ברוסט.
צי דען הייסט לעבן א געשלעג
פון מאלפּעס פאר א פוסטן נוס?

אזוי האָט זיך מיר דאן געדאכט,
ווען ס׳האָבן הינט געהיט מײַן טראָט,
ווען איינמאָל כ׳האָב געוואָלט באנאכט
זיך וואַרפן אף דעם שטעכלדראָט.

א הונגעריקער, כ׳האָב געבעטן וויפל מאָל:
פאַרוויג מיך אף דײַן קישן, פראָסט!
נאָר מיך פלעגט אופוועקן א קאָל:

6–535

— ניט פֿאַל!
פֿאַרייכער, ברודערל, אַ פּאַפּיראָס...

איך בין מיט דיר! דו רופֿ, איך העלף!
איך טייל מיט דיר דייַן טיפֿן צאַר,
אַ שטיקל צוקער — אויף דער העלפֿט,
אויף העלפֿט — דער קאָרענער סוכאַר...

דער ווינט, ער פֿאָכעט ווי אַ שווערד,
און שנייַדט, און רייַסט פֿון אונדז די הויט,
און דאָ אין גרוב האָב איך דערהערט
אַ ליד, וואָס שרעקט זיך ניט פֿאַר טויט:

„היי, ווינטן, ווינטן, יאָגט ניט אַזוי גיך,
די ליבעדיקע רופֿן אונדז צו זיך...“

זייַן האַנט האָט שטייַף געדריקט מייַן האַנט,
(אָ, יענע רעגע... יענע טרער...)
— ווער ביסטו, מענטש? ביסט מיר באַקאַנט!
ווער ביסטו, ברודער, זאָג מיר, ווער?

— איך וועל דיר זאָגן, ווער איך בין און ווי איך הייס,
ווען פֿרילינג וועט אַ פֿלייץ טאָן דרייסט...
נאָר גלייב און האָף, און האָב געדולד —
מיר זייַנען שולדיק אָן אַ שולד!

---

עס קלינגט דער גלאָק פֿון פֿרילינג, קלינגט...
דו הערסט, ער רופֿט! הייב אויף דעם קאָפּ!
גוט־מאָרגן, שוואַלב! ווי גיך, ווי פֿלינק
זי פֿליט אַרויף, זי פֿליט אַראָפּ...

עס קלינגט דער גלאָק פֿון פֿרילינג, רוישט...
און אַלץ ווערט יונג און פֿריש און ליב,

און פון א ליד דער הייסער פויסט
האָט מיך א קלאפ געטאָן אין ריפ

און אופגעוועקט מײַן הארץ: גענוג!
גענוג געטרויערט! זינגער, זינג!
עס יאָגט א היים, עס יאָגט א צוג,
עס קלינגט דער גלאָק פון פרילינג, קלינגט...

אָ, נעם מיך, ווינט, אין דײַנע אָרעמס, פלי!
אין רעגנבויגן באָד מיך אויס,
און זאָל פון דאָרט צוריק מײַן ליד
א נײַגעבוירהענע ארויס...

און ווי א שוימער וועט זי שטייך
אף ווײַטע קוואָרים יאָרנלאנג...
ניין, ניט קיין טויטע ליגן, ניין!
עס קאָן ניט שטארבן קיין געזאנג!

צי לעבט מײַן פרײַנט? צי קלינגט זײַן קאָל?
ווער ס'האָט מיט מיר זײַן ברויט געטיילט,
זײַן רייגער בליק האָט וויפל מאָל
מײַן טיפע וווּנד אין הארץ געהיילט.

ניין, ניט דאָס ברויט... זײַן מוט — די שפּײַז,
ווען ס'האָט געגעוועט די זאווי.
צי עפשער ליגט ער דאָרט אין אײַז,
פארשאָטן מיט א בערגל שניי...

נאָר איינמאָל פרי, אף רויטן פלאץ,
אין לופטן קלאנגען פון א פלייט...
די קנאָספּן האָבן שוין געפּלאצט
אף ליפּעס קעגן מאוזאָליי.

און גלייך אהער — ווי אומגעריכט! —
ווער איילט אזוי אהערצו, ווער?
דער פרילינג שפּילט אף זיין געזיכט...
מיין פריינט...
ער לעבט!
יאָ, יאָ, ס'איז ער!!!
זיין האנט האָט שטייף געדריקט מיין האנט,
(אָ, יענע רגע... יענע טרער...)
מיין גוטער פריינט, מיט דיר באנאנד
איז גרינגער לעבן אף דער ערד.

און ווער דו ביסט און ווי דו הייסט,
קלינגט אויס דער גלאָק פון פרילינג דרייסט,
עס פּלאצט דאָס אייז!
די קריִעס יאָגן גיך,
און טויבן פלאטערן...
זיי רופן אונדז צו זיך.

1956

## דער בריגאדיר

ער האָט דערזען,
ווען ער ט'זיך אופגעהויבן אפן העכסטן שטאָק,
ווו זײַן בריגאַדע האָט געלייגט די לעצטע ציגל, —
אין א גרין־פרילינגדיקער קלייד די נײַע שטאָט
האָט פריש־באַגינענדיק געשפיגלט.

ער האָט דערזען
דעם שליאַך, און ער — א באָרוועס ייִנגעלע באַנאַנד
מיט טאַטע־מאַמע אין דער טויט־קאָלאָנע...
עס האָט דער וואַלד אים אויסגעשטרעקט זײַן האַנט
און מיט א וואָלקן אויסגעלאָשן די דערשראָקענע לעוואָנע.

מיט קעלניעס אין די הענט פאַרקוקן זיך העט־ווײַט
צום שליאַך די יונגע מוליערס אָן זײַן אָנדײַט,
און הערן שווײַגנדיק, ווי ער: זי רופט, זי שרײַט, —
א פויגל א פאַרוווּנדעטער — זײַן קינדהײַט.

נאָר אָט האָט זיך דער הימל זון־גאָלדיק צעהעלט,
פאַרשיקערט וואַרפן זיך די פייגעלעך אין בלויקײַט־יאַמען.
ער האָט דערזען —
פון אַלע פענצטער אין דער וועלט
מע ווינטשט דעם בריגאַדיר אריכאס־יאָמים.

1965

# וויִאָלאָנטשעל

הערט איר, מײַנע פרײַנט,
די דריטע נאכט מיר כאָלעמט זיך —
עס שפּילט בא מיר צוקאָפּנס
א גאָלדענער וויִאָלאָנטשעל...
ווען ס'ווערט שוין שפּעט,
אין האַלבער נאכט,
איך קריך אראָפּ פון בעט,
איך זעץ זיך אפן טיש
און הער, ווי ס'שפּילט דער וויִאָלאָנטשעל.

איך ווער א פּיצינקער, א קליינס,
איך זע אין כאָלעם:
ווי איך קריך ארײַן צו אים אין קײַלעכדיקער נעסט,
אין הייסן קלינגענדיקן כאָלאָל,
איך האַלט דאָס דינע שטעקעלע
און איך באַפעל ווי א מאעסטראָ:
פּרעסטאָ! פּרעסטאָ!

הערט איר, מײַנע פרײַנט,
מײַן מוטער איז געשטאָרבן
אין די ערשטע פרילינגדיקע טעג,
איז ווי א טרייסט א ווארעמע

פאר מוטערס פריִען טויט,
האָט מיר דער פרילינג אָנגעצייכנט אפן שוועל,
אז אלע נאכט
זאָל מיר צוקאָפּנס שפּילן אַ גאָלדענער וויִאָלאָנטשעל...

נאָר איצט איז, האכט זיך, שטיל בא מיר אין צימער,
די שויבן טונקעלע פּאמעלעך וואשט די מאָרגנדיקע שייַן,
דער ערשטער שטראַל, ער רופט, ער ציט מיך:
— שטיי אוף! אין דרויסן גיי ארויס
און קוק זיך איַין...

...צי דער האָלפּשטראָם האָט זייַנע כוואליעס צוגעייַלט,
צי דער צאָפן האָט פארקירצט די נאָרמע קאלטע ווינטן,
נאָר מיטאמאָל —
דורך הארטע,
שווייַגנדיקע,
קאלטע שטיקער וואָקלנדיקע קנוילן
עס האָט די פרילינגדיקע זון געטאָן אַ פּרעל!
און פון אלע זייַטן מאָסקווער פאַרשטעט
איז ווי אַ פרייליכער אָרקעסטער
אריַין דער זוניקער, דער רוישיקער אפּרעל...

אפּרעל! אפּרעל!
אין אָט דעם וואָרט אליין —
אזויפיל פרילינגדיקער כיין,
אזויפיל שייַן דערקענט מען,
אפּרעל! ס׳איז פרילינג אף דער גאס,
די פויגלען פּאטשן מיט די פליגל רוישיקע אפּלאָדיסמענטן...

גוט־מאָרגן, זון!
כ׳וועל זאָגן קורץ געפּאסט:
דו — מייַן מאמע,
איך — דייַן זון.

דו הייבסט מיך אוף,
דו ציסט ארוף,
דו לײַטערסט אויס די אויגן מײַנע,
און ס׳קלינגט מײַן הארץ, ווי ערשטער פרילינגדיקער טאָג...

איז ווייסט איר, מײַנע פרײַנט, וואָס איך וואָלט טאָן,
ווען איך בין הויך ווי הוליוער?
כ׳וואָלט אָפּרײַסן א שטיקל בלויען הימל —
דײַן פאָן דײַן ליכטיקע, אפּרעל!

און דו, מײַן גוטער כאָלעם — מײַן וויִאָלאָנטשעל,
הייב אָן דײַן פרילינגדיקע שפּיל
פון ערשטע ריטשקעלעך, וואָס יאָגן, יאָגן,
פון ערשטע וואָלקנדלעך, וואָס קומען אָן...

אף פעלדער און וועלדער,
אף בערג און אף טאָלן,
א שניִרעלע פײַער — א פרי —
אף ביימערשע ריטער
א בלײַקער ציטער —
אפּרעל אין מײַן לאנד, אפּרעל!

זאָג, ווו ביסטו, איינציקע,
ווו ביסטו, טײַערע?
לאנג שוין איך זוך דיך, איך זוך...
זע, סארא בלימל —
א שטיקעלע הימל
איך טראָג אף די ליפּן:
פארזוך!

דער וויִאָלאָנטשעל האָט זיך א הייב געטאָן,
דער סמיק האָט אָנגעהויבן רייצן,
און ווי א קינד א שטיפעריש
ער בעט, איך זאָל אים נעמען אף מײַן פּלייצע...

...און זי שטייט אנטקעגן מיר,
און מיר שווייַגן ביידע,
נאָר די אויגן אונדזערע
פֿיבערדיקע ריידן.

און איך פֿיל, די פֿינגער מייַנע
קלאַפּן אויס א טוש,
און איך לופטן איז געבליבן הענגען
אַן א קלאַנג — א קוש...

...מייַן ווייַטע שטאָט.
א טייַכעלע.
מייַן היים — דער אַלטער מאַרק.
אָט זע איך עס, דאָס בריקעלע,
דעם „גובערנאַטאָרס פּאַרק".

איך יענעם יאָר, אף גאַסן פּוסטע,
פֿון סויבעס פּוס צעגליטע,
איך לויף (ווי פּונקט איך יענעם פֿילם...)
ראַטעווען מייַן געליבטע...

אָט זיצט זי אפֿן גאַנעקל,
יאָ, יאָ, איך הער איר קאָל:
„שפּאַצירן זייַנען מיר געגאַנגען
אַרום דעם גאָראָדסקאָי שפּיטאָל..."

איך האָב זיך פּלוצעם אַלץ דערמאָנט,
איך האָב דאָס אַלץ פֿאַרגעסן:
א טויערל,
א טייַכעלע,
זומערדיקע געסלעך...
און זי...
פֿון שלאָסגעסל מייַן מיידעלע,
מייַן פֿרילינג זעכצניאָריקער...

— גוט־מאָרגן, טײַערע! וואָס טוסטו דאָ?
— כ׳בין אַ סטודענטן פון דער מאָסקווער קאָנסערוואַטאָריע...

(יאָ, יאָ! ס׳איז טאַקע ריכטיק,
ער קוקט אף מיר און קוועלט,
צוגעדריקט צום האַרצן,
דער האַלדז פון וויִאָלאָנטשעל...)
— איך האָב באַקומען גרוסן,
דו לעבסט אין מאָסקווע ניט ווײַל,
דו לעבסט פון אַלעמען דערווײַטערט
און האַלטסט פאַרמאַכט דאָס מויל.
דו גייסט נאָך אַלץ אַרום פאַרכאָלעמט
און רעדסט מיט פייגעלעך און בוימער,
און קיין זאַך האָסטו ניט אין לעבן
אַכוץ אַ העפטעלע מיט טרוימען...
יאָ... כ׳האָב אין מינסק באַגעגנט דײַנע שוועסטער,
זיי זאָגן:
צײַט אים טראַכטן וועגן טאַכלעס,
טאַלאַנט־שמאַלאַנט,
מע דאַרף דאָך אָבער אַכלען...

מיר גייען ביידע,
גאַס נאָך גאַס,
זי רעדט,
און איך האָב אַלץ געשוויגן...
איך קוק אף לינקס:
עס צאַפּלט זיך דער וויִאָלאָנטשעל —
אָט־אָט זײַן העלדזעלע הייבט אָן אַ בייגן...

— ס׳איז שפּעט אַוואַדע, יאָ?
— פאַר גוטע פרײַנט גייט גיך די צײַט פאַרבײַ...
— נו, נעם קאָרשט מײַן באַגאַזש
און טראָג אים דורך אַ גאַנצן אין טראַמווײַ.

— יאָ, יאָ, ס׳איז שווער געפינען
אַן אָרט אין מאָסקווער טראַמוויי,
איך און דו — איז צוויי,
דער וויִאָלאָנטשעל — איז דריי!
(איך זע:
ער קוקט אויף מיר, דער וויִאָלאָנטשעל,
און ווי אַ קינד האָט ער זיך אָנגעהויבן בעטן
און וויגן זיך
צווישן אונדזערע ביידנס הערצער...)

נאָר דאָ איז אָנגעקומען דער טראַמוויי
אַ פול געפאַקטער „16".
אָט פאָרן אַרבעטער פון „אַמאָ",
מאַשיניסטקעס פון אילינקע,
אַלטע מײַסטער פון „דינאַמאָ"
און סטודענטן לוסטיק־פלינקע.

אָט פאָרט אַ ייִדענע פון סלוצק,
אַן אַלטער ייִד פון ראָהאַטשאָוו,
און אין טומל, און אין ראַש דאָ,
פרעגט דער ייִד „בעלאָשן ראַשע" —
אָנשטאָט „קאַקאַיאַ אָסטאַנאָווקאַ" —
„קאָנדוקטאָר, גדייַ מי דערזשים, האַ?"
עס האָט אַ דאַמע אים פאַרשטעלט —
קאָנדוקטער, גוואַלד, וווּ האַלטן מיר אין דער וועלט?

ס׳איז פול געפאַקט,
ניטאָ קיין אָרט,
און יעדן יאָגט דער זייגער.
מע שרײַט, מע רעדט,
און יעדעס וואָרט
איז אײַנגעהילט אין שווערן רויך פון שטייגער.

און דאָ — אין לויף,
אין פלי,
אין יאָג,
דורך קרומע גאסן, צווישן הײַזער,
האָט זיך אָנגעהויבן אומגעריכט
מײַן ראָמאַנטישע רײַזע...

— היי, בירגער! — שרײַ איך. — בירגער!
איך טראָג א וויאָלאָנטשעל!
אויב איר גיט מיר ניט קיין אָרט,
איר מאכט פון אים א טעל.

כ׳הייב אוף אריבער קעפ
דעם צארטן אינסטרומענט
און, ווי א קינד אן אייגנס,
איך טראָג אים אף די הענט.

נעמט זיך רעכטס,
נעמט זיך לינקס,
כ׳וועל דורכגיין אין דער מיט,
ס׳איז ניט קיין טויטער אינסטרומענט!
אײַער הארץ איך היט!

א וועג!
א וועג דעם אינסטרומענט!
פאר אים אן אָרט א ברייט־געראַמען!
און ס׳האָבן אופגעהויבן מידע הענט
די פראָלעטאריער פון „אמאָ"...

ס׳איז הײַנט א פרילינג־טאכט. אפרעל...
עס קומען אָן מיט ווינטן ווארעמע די דאָרעם־צוגן,
און אלע בירגער האָבן אויסגעטאָן
די שווערע ווינטערדיקע אָנצוגן...

די קעפ —
אנטבלויזט,
געננוג —
די היטלען פוטערנע...
און אלע קוקן אף מײַן וויִאָלאָנטשעל,
וואָס שווימט פונקט ווי א שיפעלע
אין א וואָלקן א פערלמוטערנעם...

דער וויִאָלאָנטשעל האָט אָנגעהויבן וואַרעמען,
דער וויִאָלאָנטשעל האָט אָנגעהויבן רייצן,
און דער שטייגער איז, ווי א שווערער זאק,
אראָפּגעפאלן פון יעדנס פלייצע.

...עס איז געווען שוין טיפע נאכט,
אף ספּאסקער טורעם האָט געשלאָגן דרײַ,
אף רעלסן האָט זיך שטיל געשארט
דער ראָמאנטישער טראמוויי.

מיט שײַן,
מיט ליכט,
מיט מענטשן אָנגעלאָדן
פון אלע אָנצאָליקע נאציעס,
פאָרויס גייט די לעוואָנע —
א קײַלעכדיקער פאקעל,
די שטערן אף די שויבן —
א זילבערנע אילומינאציע.

פון מויערן, פון טויערן,
פון מאָסקווער מוזייען,
מיקעלאנדזשעלאָס טאלמידים
אונדז אנטקעגן גייען.

דער זאַקן סטראַדיוואַריוס
מיט זײַנע גרויע באַנים
דיריגירן מיט אַן אָרקעסטער
פֿון שאַלנדיקע פּאַנען.

שאַלן מעשענע טרומייטן,
פּײַפֿן די פּײַפּיאַלן,
מיט מײַן כּאַוועריטע צוזאַמען
איך טאַנץ א קאַרמאַניאָלע.

מיט טרומייטן און מיט פּאַקלען,
אַף הויכע פֿערד מיט קופּער־לײַבער,
זינגען גאָלדגרעבער א ליד
פֿון אַלדאַן און פֿון באָדײַבאָ...

עס גייט,
עס רוישט די דעמאָנסטראַציע,
דער הייסער ווירבל פֿון די פֿיס
דערמאָנט א מורמל פֿון א כוואַליע,
וואָס לויפֿט צו מיר און גריסט...

די כוואַליע לויפֿט פֿון ווײַטן דניעפּ,
זי פֿאַלט אַף יענע הענט,
וואָס האָבן זי באַגעגנט הײַנט
מיט שטאָל און מיט צעמענט...

עס לויפֿט,
עס יאָגט א בײַע כוואַליע
פֿון קאַטאַרזשאַנישן בײַקאַל,
דאָס קלאַפּט —
געצוימט אין די טורבינעס —
פֿון אַנגאַרא דער וואַסערפֿאַל.

עס לויפט,
עס יאָגט אַ ניַיע כוואַליע
דורך באַרג, דורך פעלדז און שטיין —
דאָס זינגען לידער וועגן איינהייַט
די געסט פון טעמזע, סען און ריין...

פויקט, פויקן,
פויקן, פויקט,
שאַלט, מעשענע טרומייטן,
קינדער טאַנצן אויפן פּלאַץ —
לעבעדיקע קווייטן.

און עס רוישן איבער קעפּ
ווינטן אויף די פאָנען,
און עס פירן אַ געשפּרעך
פויקן מיט טראָמבאָנען...

נאָר פּאַמעלעך,
איינס נאָך איינס,
זע, די שטערן לעשן זיך...
און באַגינען ווערן שטיל
די טרומייטן מעשענע.

יאָ, באַגינען...
ס'איז שוין העל...
עס שווייַגן די פּייַפיאָלן,
מיין פאַרמאַטערטער וויאָלאָנטשעל
ענדיקט שוין זיין סאָלאָ...

און אַ שטים אַ שטילע וועקט מיך,
רופט מיך פון דער ווייַט:
— נו, מיר זייַנען שוין געקומען...
שלאָף ניט אין טראַמווייַ!

...און זי שטייט אנטקעגן מיר,
און מיר שווײַגן בײדע,
נאָר די אויגן אונדזערע
פיבערדיקע ריידן...

און אינמיטן
צווישן אונדז,
צווישן בײדנס הערצער,
שפּילט דער וויאָלאָנטשעל
א פרײלינגדיקע סקערצאָ...

וואָלקנדלעך אין הימל יאָגן,
ערשטע פויגלען שוועבן...
און עס ווילט זיך לידער זינגען,
און עס ווילט זיך לעבן.

1931

# א ראָמאַנטישע נאַכט

שטעלט זיך, פויקן, אפן ברעט,
פלייטן, אף די פענצטער,
קאָנטראבאסן, אפן בעט,
זאָל לעבן מײַן אָרקעסטער!

ביטע, גלעקלעך, אף דער טומבע,
פײַפיאָלן — אפן טיש!
רויק, כעוורע, כ׳בעט ניט טומלען,
די נאָטן ניט צעמישט.

פידלען מײַנע — אפן שוועל!
טאצן — בא די זײַטן!
א פּאָך פון האנט איז מײַן באפעל,
מאמזיירימלעך פארשײַטע.

איר, טרומייטערס מעשענע —
ערלעכע פלעבייען,
אפן אויוון אײַער אָרט,
זעצט זיך אויס אינצווייען.

שא! גענוג צו זעגן, סמיקן,
האָט געדולד א ווײַלע.

וואָס? וואָס זאָגט איר? פּ י ק ן?!
איך זע, איך זע — אוי, וואָס מײַלער!

נאט אײַך הערינג, נאט אײַך ברויט,
קעז א שטיק פון האָלאנד...
ווי געפעלט אײַך, קלעזמערוקעס,
מײַן צימערל, מײַן גאָלד־לאנד...

פּויק פּוזאטע, נא דיר נאָך,
פּרעסער מײַנער, גיך עס!
שאַ! די קאָנטראבאסן מיט די פידלען
קריגן זיך פאר ייִכעס.

אהא, מע נעמט זיך פאר די האָר,
מע האקט אין שלייף און שארבן,
מישט מען בראנפן מיט קאגאָר,
איז דאָס אויך אן ארבעט.

נו, גענוג זיך אמפּערן, גענוג
(די אײבּיקײַט פאר ווע‌מען),
איר זײַט אלע געניאלע,
א פײַער זאָל אײַך נעמען!

זעצט זיך, שיידים, אַף די ערטער,
אָרדענונג! אכטונג!
הערט: דער זייגער קלאפּט שוין איינס!
הייסט עס — טיפע נאכט שוין.

די מעכאשייפע מײַנע כראָפּעט,
איך מיין — די באלעבאָסטע,
און די ראדיאָ ענדיקט שוין
לעצטע נײַס פון „ראָסטא“.

אופמערקזאם!

שטילער!
אכטונג, מייַן אָרקעסטער!
און געדענקט זשע, מייַנע שפּילער:
איך בין דער מאַעסטראָ!

נו, צחאַמען! ווי איין פּויסט!
אָנגעהויבן! אַלע!
שפּילט אַ ליד פון אַלטן פּאָוסט
און זייַן יונגער קאַלע.

סקריפּען סמיקן, דריקן שטייַף
סטרונעס דין־דין־דינע,
קאָנטראַבאַסן ברעגען הייס
פון איפּערזיכט און סינע.

היי, טרומייטער, לעבעדיק,
לעבעדיק־געדיכטער!
שפּילט לויט מייַנע נאָטן,
וואָס כ׳האָב אויסגעדיכטעט.

וויגט זיך הין און הער מייַן צימער,
אָט דער באַלקן פּאַלט צום דיל,
אפן הימל די לעוואָנע
טאַנצט מיט וואָלקנס א קאַדריל.

מיטאַמאָל, פון אונטער בעט,
טאַנצט אַרויס די סאַאַזע,
א גוטן־אָונט, טענצערן,
שפּילערן קאַווקאַזער!

לויפן דורך פּאַרבייַ די אויגן
ווייַטע בערג און טאָלן,
לויב צו דיר, אַרמעניע,
שפּילט וויוואַט, פּייַפּיאָלן!

באַרג־שפּיצן שניי־מאַטעווע...
פלאַטערט, אָדלערס בייזע!
קאַווקאַז, עס זינגט סאַיאַט־נאָווא
די ליד פון דיין דערליידזונג.

סקריפּען סמיקן, דריקן שטייף
סטרונעס דין־דין־דינע,
קלינגט אַ ליד פון פּאַסטעכער,
קלינגט אין מאַנדאָלינע...

און מיטאַמאָל...

איז אַנשוויגן מיין אָרקעסטער
פּלוצעם, אומגעריכט,
און פון הויכריידער אַ שטים
פּרעסט זיך אויס געדיכט:

אַללאָ, אַכטונג, אַכטונג!
אַללאָ, מיר הייבן אָן:
איצט וועט זינגען באָוושאָווער
זיין ליד „רעוואָלוציאָן"!

כאַפּט זיך אויפעט מיין אָרקעסטער,
הודען סטרונעס, פּיבקלען.
באָוושאָווער, איר זייט מאַעסטראָ,
שטייט ניט אין אַ ווינקל!

ביטע, שטעלט זיך באַם פּיופּיטער,
קאָנטראַבאַסן, טעמבער!
שפּילט די ליד „רעוואָלוציאָן"
פון מאָסקווע ביז טעמזע...

און, ווי פלינקע רייטער, יאָגן
שטורעמדיקע יאָרן —

הונגער,
פײַער,
לידער,
טרוימען —
איר האָט אונדז געבאָרן!

אָט־אָ פליט פאַר מײַנע אויגן
אַף אַ פערד בודיאָנע...
און עס טרעטן אָפּ צוריק
ווײַסע לעגיאָנען.

פויקט זשע, פויקן! שאַלט, טרומייטן!
שפּילט, כעוורע מײַנע טרײַע,
וואָס זשע שווײַגט איר, מײַנע פלייטן,
קאָנטראַבאַסן, פײַער!

הוידעט זיך מײַן צימער, הוידעט,
מײַן אָרקעסטער ציטערט...
און עס קלינגט אַ נײַע ליד
אַף מײַן טישל — מײַן פּיופּיטער...

פײַפט אַ ווינט פון טורקעסטאַן,
שפּילט אין מײַנע פלייטן,
צוגן יאָגן אינעם מידבער,
רופן מיך באַגלייטן...

און פון צאָפן ביז די קרימער
הייסע ברעגן גרינע,
הער איך, ווי עס דרייען זיך
רעדער פון טורבינעס.

הער איך, ווי עס פאַלןביימער,
ווי עס קלינגען זעגן,

אוי, ראַסייע שטרויענע,
לאָמיר זיך געזעגענען.
— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —
— מאַעסטראָ! — קלאַפּט מײַן פּײַקעלע — מאַעסטראָ!
היי, ניט דרימלט!
טוט אַ קוק הינטערן פֿענצטער —
אַ טומל, אַ געווימל...

— מאַעסטראָ! — פּײַפֿן מײַנע פֿלייטן. —
טוט אַ קוק אין דרויסן,
זײַן געגנוג אײַך באַלעמען,
אַ געפּאַר אַ גרויסע!

זעט, בײַ אַלע זײַטן,
פֿון וועלדל ביז דעם שליאַך,
דאַכט זיך, וועלף צווייפֿיסיקע
שטייען אויף דער וואַך.
— — — — — — — — —
— — — — — — — — —
שוואַרצער הימל.
טיפֿע נאַכט.
ס'קלינגט דער זייגער צוויי.
באַרג־אַרויף צו מײַן אָרקעסטער
גייט פֿון שייִדים אַן אַרמיי.

גראַפּאָמאַנען, מאַרעוויכער,
שייִדים צימבלען אויף די לירעס,
שרײַבן לידער מיט די עקן,
מיט די הענט — מעסירעס.

וויגט זיך הין און הער מײַן צימער —
אַ געפּאַר! אַ געפּאַר!

קאָנטראַבאַסן בייגן זיך
און רעוועט טיף פֿון צער.

פֿויקן מײַנע —
אַפּן שוועל!
איר —
די באַריקאַדע.
היי, טרומייטער, וועק די וועלן־נער,
וועק מײַן שלאָג־בריגאַדע!

פֿון אונטער בעט, פֿון טשעמאָדאַן,
שפּרינגען מײַנע לידער.
אַ גוטן־אָוונט, מײַנע וועלנער,
אַ גוטן־אָוונט, ברידער!

אין אַ שווערער שלעכטער שעה
קומט איר, מײַנע טרײַע,
ווען איך רוף אײַך, זײַט איר דאָ,
גרייט זיך געבן פֿײַער!

סקריפּען סמיקן, דריקן שטײַף
סטרונעס דין־דין־דינע,
קאָנטראַבאַסן ברענען הייס
פֿון אויפֿרעגונג און סינע...

און מײַן קאָפּ מײַן דולער וויגט זיך,
וויגט זיך הין און הער...
(עפּשער האָב איך אויסגעטרונקען
הײַנט אַ ביסל מער?)

די דריטע נאַכט איך קאָן ניט שלאָפֿן,
די קישן איז מיר האַרט,
אַ וואָלקן לידער איז אָנגעלאָפֿן
און דונערט אויף מײַן האַרץ.

מיטאמאָל אַ קלאַפּ אין טיר,
נאָכאַמאָל און פעסטער.
היי, ווער קומט באַנאַכט צו מיר
שטערן מיַין אָרקעסטער?!

וואָס איז דאָ פאַר אַ געפּילדער?
(הערט זיך הינטער טיר)
איר לאָזט ניט שלאָפן, שאַכן ווילדער,
(הערט זיך הינטער טיר)

עס שלאָפט אַצינד דער ראַטנפאַרבאַנד,
און איר מאַכט דאָ גוואַלדן...
אויב איר וועט ניט אויפהערן —
איז די מיליציע באַלד דאָ!

שטייט אַ בירגער אויפן שוועל
אין אַ לאַנגער פעלערינע, —
כ'האָב אים, דאַכט זיך, ווו געזען:
אויפן גאַס, צי אויף דער בינע.

אַ גוטער פריַינט, אַנטשולדיקט מיר,
כ'האָב ניט געוואַרט אויף אײַך,
כ'האָב ניט צוגעגרייט קיין קיבעד,
נאָר מיט פריַינטשאַפט בין איך רײַך!

און דעם עמעס זאָגן אײַך,
מיַינע גאָלדענע פינאַנסן
שפּילן זיכער אָפּט בא מיר,
ווי זאָגט מען דאָס, ראָמאַנסן...

נאָר, בישקאָשע, כ'האָב מיַין גאַסט,
מיט וואָס זיך צו באַרימען:
ברויט און הערינג. הייסע לידער.
און אַ שנעפּסל: פּרימאַ!

יאָ, אנטשולדיקט, גוטער פרייַנט,
ווי איז אייַער נאָמען?

— מע רופט מיך פענדזל לאַקערמאַן,
פרוווט זיך נאָר דערמאָנען!
ווי איז דאָס אַזוי געשען,
איר זאָלט מיך ניט קענען?

ווייסט איר, ווער עס שטייט לעם אייַך,
דולער דיכטער, וויסטער,
פענדזל לאַקערמאַן, דער קעניג
פון די כאַלטוריסטן!

בום! בום! — קלאַפּן מייַנע פּויקן —
ווי געפעלט אייַך אַזאַ מייַסע?
ניט קיין וועלף און ניט קיין שיידים,
ניט קיין גוואַרדיעס קיין ווייַסע...

א קעניג גאָר! א קעניג גאָר! —
לאַכן מייַנע פליי‏טן,
וואָס זשע שפּילט מען ניט קיין טוש?
וואָס שווייַגן די טרומייטן?

— איך לעב אָט דאָ, אנטקעגן אייַך,
מאַעסטראָ ווילדער,
איר לאָזט ניט שלאָפן אַלע נאַכט,
איר טומלט און איר פילדערט.

זאָגט מיר, וואָס זשע טוט אייַך וויי,
באַווייַזט מיר אַלע וווּנדן,
שנעל וועל איך פאַרהיילן זיי,
כ׳וועל אייַך ווייַזן וווּנדער!

טאַנצט אַ טענצל לאַקערמאַן,
ווייַזט מיר זייַנע וווּנדער,
מייַנע פידלען יאָמערן
פון ווייטעקן און ווונדן.

זיי בעטן זיך, ווי קינדערלעך:
ראַטעוועט אונדז, גיכער!
יאָג אים ווי אַ הונט אַרויס,
דעם שעד דעם מאַרעוויכער...

סקריפען סמיקן, דריקן שטייַף
סטרונעס דין־דין־דינע,
קאָנטראַבאַסן בריענען הייס
פון אויפרעגונג און סינע.

הוידעט, וויגט זיך מייַן אָרקעסטער,
שפילט פאַגאָט אַ סאָלאָ,
פלייטן בינדן אים די הענט,
טונקען אים אין סמאָלע.

קאָנטראַבאַסן גיבן פייַער,
טאַצן קייַקלען אים אין שטרוי,
און דאָס קליינע פייַקל הודעט:
גוט אַזוי! גוט אַזוי! גוט אַזוי!

פליט ער ווי אַ פייַער־קנויל,
פליט צו זייַנע שיידים,
און ער מוז אַף אייביק שוין
מיט מייַן שוועל זיך שיידן...

היי, טרומייטערס, לעבעדיק!
לעבעדיק־געדיכטער!
שפילט לויט מייַנע נאָטן,
וואָס כ׳האָב אויסגעדיכטעט.

אָרדענונג!
אכטונג!
אופמערקזאם, אָרקעסטער!
ס׳גייט אוועק די נאכט שוין —
אָנגעהויבן!
פּרעסטאָ!

וויגט זיך הער און הין מײַן צימער,
אָט דער באלקן פאלט צום דיל...
— — — — — — — — — — — — —
און אין הויכן הימל שטערן
לאנגזאם לעשן זיך און שטיל...

ווערן העלער מײַנע ווײַזער,
קלינגט דער זייגער פיר,
זע איך, לעם מײַן קליינעם שטיבל
וואַרט א שטראל אף מיר.

אפן הויכן הימל שווימען
וואָלקנדיקע שיפלעך,
שפּיל, פאגאָט, א סאָלאָ־הימן
פון גינען־שטראל געשליפן...

אין ווײַטן מינסק שטייט אוף מײַן טאטע, —
א גרוס דיר, היים, פון דײַן מעזיניק!
אוי, ווײַסרוסלאנד מײַנע, בלאָנד־קודלאטע,
דו ועסט שוין מער אף דודעלעך ניט זינגען...

איך זע, ווי ס׳ברענען דײַנע מעזשעס
און עס קלאָגן דײַנע לעצטע בערן.
אף דײַנע יונגע בליענדע בעריאָזעס
גייט אוף אציננד א נײַער שטערן...

און פון צאָפן ביז די קרימער
הייסע ברעגן גרינע
הער איך, ווי עס דרייען זיך
רעדער פון טורבינעס.

הער איך, ווי עס פאַלן ביימער,
ווי עס קלינגען זעגן,
אוי, ראַסייע שטרויענע,
לאָמיר זיך געזעגענען...

1932

# דאָס גאָלדענע עפּעלע

האָט געלעבט אמאָל א שנײַדערל,
האָט זיך אים געכאָלעמט א כאָלעם,
דעם שנײַדערל,
אז אינמיטן וועג שטייט א בוים,
א יונג ביימעלע,
און אפן ביימעלע הענגט אן עפּעלע,
א גינגאָלדן עפּעלע...

(פֿאָלקסליד)

ס'איז שטיל אין וואלד. עס שווײַגן אונדזערע הארמאטן,
דער סוינע איז שוין ווײַט. מיר יאָגן אים פון אונדזער היים.
מיר זיצן בא א שײַטער אויסגעמאטערט.
ווי גוט אין וואלד! די ביימער סוידען זיך געהיים...

עס סטארטשען פון דעם שניי די צייכנס פון געשלעגן,
איר זעט די בערגלעך? אָן א ציילעם, אָן א שטיין...
דאָס איז דער רוסישער, דער פּראָסטיקער געלעגער,
ווו אייביק פוילן וועט דעם פײַנטס געביין.

אין שײַטער קאָכט, ווי זון אין כוידעש טאמעז,
די היץ, ווי ווייכע קינדער־בעגעלעך, די באקן ראצט,
עס זיפּצט די קאשע אין די קעסעלעך...
ווי כיעסדיק דער טאם איז!
אין אש די הויט אף די געבאקטע בולבעס פּלאצט.

עס שפּאַרט פון זיי אַרויס די מעליקע געדערים,
ס'איז הייס! בלאָזט אויס! באַשיט מיט זאַלץ,
גיסט אָן דעם ספּירט! פאַרבײַסט מיט הערינג,
און וואַרעם ווערט אין מויל און האַלדז.

די לעפל הילצערנע אַ צי פון די כאַליאַוועס,
און נײַ געײַלט די קאַשע גלײַכע אַ קער, אַ מיש!
זאָל לעבן, ברידער, די סאָלדאַטסקע הייליקע פּאָטראַווע,
אָן אַ דאַך, און אָן אַ ווײַב,
און אָן אַ טיש...

עס שיפּען גרינע לאַפּעס פון די יונגע יאָדלעס,
און ס'קנאַקט אַ שרויפּיקער געדיכטער פלאַם,
די ציינער בליאַסקען ווײַסע, ווי געשיילטע יאָדרעס,
די שטיקער כאַזער צוגעברוינט... ווי כיעסדיק דער טאַם!

דו פילסט, דײַן האַרץ קלאַפּט לעבעדיק און לוסטיק,
צעשנײַד דעם ברויט! און וואַרעם אָן זײַן שטיינערדיקע הויט.
ווער ס'האָט געגעסן ווינטער, בײַ אַ שײַטער, ברויט אַ לוסטע.
יאָ, דער קאָן וויסן, ווי געשמאַק איז ברויט!

ווי פרישע כאַלווע אָנגעשמירט מיט האָניק,
דעם גומען קיצלט, קושט די צונג געשמאַק.
לעכאַים, ברידערלעך! וואָס שווײַגט אונדזער האַרמאָניק?
היי, שפּיל, וואַסילי! שפּיל אונדז עפּעס, סיביריאַק!

וואַסילי, שפּיל! אַ קישעף־שפּיגל איז דײַן ניגן,
איך זע דײַן כאַטקעלע... ס'גייט עמעצער אַרויס...
ווי קייטן גאָלדענע, צוויי צעפּ געפלאָכטענע זיך וויגן,
די אויגן טויִק־פײַכטע בײַ דײַן פרוי...

— — — — — — — — — — — — — — — —

און עס שטאַרבט דער ניגן, נאָר עס קוויקט די הערצער
שטילער פלאַם פון שײַטער און פון שניי די רו.

עמעץ וועקט מיך: היי, סערזשאנט, אהערצו! —
נעענטער צום פייער, דערצייל אונדז עפעס דו.

שיט יעדער פון זיין ביטעלע מאכארקע א ציגייער
(ווי זיס דער רויך, ווען דו ביסט זאט!).
א יידיש מייסעלע באם צאנקעדיקן פייער
דערציילט זיינע כאוויירים א דיכטער א סאלדאט:

אין כיסלאוויטש, צי ליבאוויטש,
צי אין סמילאוויטש, אזאריטש
האט געלעבט א ייד א שניידער
אין א שטעטעלע, אין רייסן...
הערט זשע, כעווריע, כ'וועל דערציילן
וועגן אים א שיינע מייסע...

האט דאס שניידערל געהאט
איי, א ווייבעלע, א כוואט!
גרויס איז זי ווי א קעזייעס,
בלויע ליפעלעך (פון קאעס!)...
מיט א פענעמל — א פייג,
ווען זי רעדט, איז בעסער שווייג.
אוי, א צינגל — פעך און שוועבל!
און א קעלכעלע — א קוויטש.
גאט באהיט אייך און באשיץ!
זאגט דער שניידער אין א שפאס
שאבעס, ווען ער גייט אין גאס:

— כ'האב א דארן, וועלכער ברענט
און ווערט קיינמאל ניט פארברענט...
ווי עס קומט נאר דער פרימארגן,
נעמט זי קלאגן, נעמט זי זארגן:

8–535

— קאָן איך שלאָפֿן? קאָן איך רוען?
אז די קינדער — קרוע־בלוע,
אוי, עס עקט זיך מיר דאָס לעבן...
ענטפער, קאַלטער לונג־און־לעבער,
נייסט און בייסט א גאנצע וואָך,
פֿארדינסט א גילדן מיט א לאָך!

נאָר ער מאכט זיך קעלעיאָדע,
ציט פון נאָדעלע דעם פֿאָדעם,
מאכט א קניפּל, טוט א שפּיַי,
קראַצט דאָס בערדעלע דערביַי,
און ער זאָגט איר מיט א ניגן:

— ראק דו ווילסט זיך מיט מיר קריגן.
אוי, זוגאָסי, דושע מײַנע,
ווייסטו, וואָס איך וויל דערהײַנע?
ניט קיין ציבעלע מיט זאַלץ,
נאָר א קוגעלע מיט שמאַלץ!

ווערט זי גרין און רויט, זי ברענט,
און עס שמארצן איר די הענט —
מיט דער לאָפּעטע א קנאַק
אין דעם שאבעסדיקן הליאַק,
מיט דער פֿאָמעלע א שמיץ,
שיסט אין אים ארײַן א קוויטש:

— וואָס, דו טרײַבסט פון מיר קאטאָוועס?
אוי, דו קאַלטער מאַלכאמאָוועס,
פֿאַר א גילדן מיט א לאָך
א קוגל גאָר? אינמיטן וואָך?!!
אוי, דו יאָלאָפּ, אַלטער טערעך,
ביסט שוין גאָר אראָפּ פון דערעך,
זאָג מיר, וואָס דיר ווילט זיך נאָך

גלאַט אַזוי אינמיטן וואָך?
באָקסער? טייטלען? פּאָמעראַנצן?
זיסע טשאַסטעס און מאַראַנצן?
און אַ לימענע צו טיי?
ווי איז מיר און ווינד און ווי...
עפּשער האָט זיך דיר פאַרוואָלט
ס'קישעף־עפּעלע פון גאָלד?!
גאָט אין הימל ווייסט נאָר איינער —
ציסט דעם קליאָק פון מײַנע ביינער;
נייסט און נייסט אַ גאַנצע וואָך,
פאַרדינסט אַ גילדן מיט אַ לאָך!

זאָגט דער שנײַדער מיט אַ ניגן:
— זאָגסט — אַ גילדן? ס'איז אַ ליגן!
כ'האָב אַן אוּיצער, אַ בורליאַנט,
קוק אין שפּיגל אַף דער וואַנט.

אָט אַזוי ט'געלעבט אַ שנײַדער
אין כיסלאַוויטש, צי ליבאַוויטש,
צי אין סמילאָוויטש, אַזאַריטש,
אין אַ שטעטעלע, אין רײַסן,
הערט זשע, כעווריע, ביזקל סאָף
וועגן אים די שיינע מײַסע.

ליגט דאָס שנײַדערל אין בעט
און אין כאָלעם ער דערזעט,
אַז אין אויוון ברענט און בראָט...
וואָס איז דאָס, מײַן ליבער גאָט?
עפּעס קלאַפּט און עפּעס קלינגט,
עפּעס בויצקעט זיך און שפּרינגט,
עפּעס קיצלט אים און וועקט...
ווייסט איר, וואָס פון אויוון שמעקט?
צימעס פּריקעט: שיפּ־שיפּ...

און אַ קרופּניק: כליפּ־כליפּ...
די געבראָטנס: שיק־שאַק...
היגער־לעבער: ציק־צאַק...
סאַראַ מײַכל! ווי געשמאַק!
וואָס איז דאָ אַ סאַך צו ריידן,
ניט קיין אויוון — אַ גאַניידן!
עסט דאָס שנײַדערל אין שלאָף
כאַלע מיט אַ כאַצי אָף...
ווי ער נעמט זיך צו דעם ביין,
בלײַבט עס שטעקן אין די ציין.
קוקט דער שנײַדער און דערזעט:
שטייט אַ מלאך לעם זײַן בעט!!

— אַ גוטן־אָוונט אײַך, רעב זאָרעך!
אוי, וואָס קינדער, אָן אײַנהאָרע...
איר זײַט, דוכט זיך, קליין און דאַר,
נאָר איר קינדלט, ווי אַ גוואַר!
האַ? וואָס זאָגט איר? קליינע גליקן?
ווײַל די קינדער בעטן פּיקן?

— יאָ, איך ניי און ניי אַ גאַנצע וואָך,
פאַרדין אַ גילדן מיט אַ לאָך...

זאָגט דער מלאך: — שווײַגט אַ ווײַלע!
כ׳קום פון בעסדן אָן שעל מײַלע...
כ׳שטיי אַף מײַן דעזשורסטווע הײַנט באַגינען
און איך צימבל מיר אַף דאָווידס מאַנדאָלינע,
מיטאַמאָל אַ באַסקאָל: עקסטרע, מלאך, מאַך אַ רייס,
צו רעב זאָרעכן אין שטיבל ברענג אַ טרייסט,
ווו זײַן גליק דערוואַרט אַף אים, באַווײַז אים,
און אַהינצו מאַך מיט אים אַ רײַזע!
הייבט זיך אויף, רעב זאָרעך! זײַן געגנוג צו קרעכצן,

זעצט זיך אױף מײַן פּלײצע, אָט אהערצו...
נאָר די פליגל מײַנע טשעפּעט ניט, פּאַװאָליע,
אָן די פליגל איז דאָך אָך און װײ מײַן דאָליע...
כאָטש א נאקעטער בין איך — איז מײלע!
אָבער פליגל האָב איך, בין איך שױן א מײלעך!

פּאטשט דער מאלעך מיט די פליגל,
זעצט דעם שנײַדערל אױף זיך,
נאָכאמאָל א פּאטש די פליגל,
פליט ער, װי א פױגל, גיך —
איבער טימקאָװיטש, באָברױסק,
איבער סמילאָװיטש, לאהױסק,
איבער סמאָלעװיטש, פּראָפּױסק,
איבער שקלאָװ און ראָהאטשאָװ,
סטארע־ביכאָװ, מאָהיליאָװ...
פליט דער מאלעך מיטן שנײַדער
הױך אין הימל, װי א בליץ,
איבער פּריפּעט און בעריאָזע,
איבער סאָזש און איבער פּטיטש[1].

אױף די פּריזבעס קוקן װײַבער:
װאָס איז דאָס, מײַן ליבער גאָט?
ס'איז א מאלעך, ניט קײן מאלעך,
עפּשער פּאָשעט א פּילאָט?!
פּאטשט דער מאלעך מיט די פליגל:
— נאָך אײן רעגע, אָט־אָ באלד!
און ער לאָזט אראָפּ דעם שנײַדער
אין דעם קאָמארױקער װאלד...

— דאָ ניט װײַט, אין װאלד אין טיפן,
הענגט דײַן גליק, װאָס דו'סט געװאָלט,

[1] פּריפּעט, בערעזינא, סאָזש, פּטיטש — טײַכן אין װײַסרוסלאנד.

אף א דעמבעלע א יונגן
הענגט אן עפּעלע פון גאָלד...
טאריאג יאָדערלעך אין עפּל,
זאָלסט פאַרזוכן איינעם בלויז,
דעמלט וועט דייַן האָבּרע־מאַזל
גלייַך אַרייַן צו דיר אין הויז.
נו, איך איַיל זיך צו דער אַרבעט,
זייַ געזונט! איך פלי צוריק,
האָסט געוואַרט אף גליק פון הימל,
אָט איז עס לעם דיר — דייַן גליק!

— — — — — — — — — — — —

ס'האָט א פּאַטש געטאָן א פליגל...
צי א פויגל, צי א בלאַט,
שטייט דער שנייַדער א געליימטער
און זייַן פּאָנעם טויט און בלאַס.

זאַפרענדיקע קליאָנען־בלעטער
שורשען אונטער זייַנע פיס,
צווילינגלעך אין גרינע העמדלעך —
קלינגען גלעקעלעך — די ניס...

און א ווינטעלע א סאַמעט
האַלט אים פאַרן האַנט און גלעט...
טאַטע־פאָטער, ווייַנט דער שנייַדער,
איך בין אין א היגערפלעט!

...וויפל מאָל האָט ער אין כאָלעם
ס'גאָלדן עפּעלע געזוכט.
איצט דערזען עס אף א צווייַגל
און זייַן יאָדערל פאַרזוכט.

האָט ער שטיל געזאָגט א טפילע
און איז איינגעשלאָפן מיד,
און א פידל א בעריאָזקע
האָט אים צוגעשפּילט א ליד...

...ס'איז שטיל אין וואלד.
און אלע שווייגן בא דעם שייטער,
נאָר אין די קעסעלעך דאָס וואסער פלאפּלט לעבעדיק און זידט,
און ס'האָט פלוצעם דער הארמאָניק
זיך צעקלונגען א פארשייטער,
און מיר זינגען אלע הייזעריק א ליד...

קלאפּט די ליד מיט פליגלען, פליט פון הייסע ברוסטן,
פליט אריין אין שייטער, טרינקט זיך אָן מיט פלאם,
טוט א קלאפּ די ביימער און א ריס די קוסטעס:
היי, א ווארע מאכט! א ווארע, פריי־געראַם!

העכער, בראטצי, שטארקער! לאָמיר אלע זינגען!
הערט נאָר, הערט, ווי ס'ברעכט זיך אפן טייך דאָס אייז!..
עפּשער בין איך שיקער צי אראָפּ פון זינען?
הערט!! —
א מענטש פון וואסער קריכט ארויס און שפּרייזט...

שטילער, בראטצי, שטילער!
ביין, מע דארף ניט שיסן!
ס'איז א ייִד פון געטאָ. ער איז גרין און גרוי,
ס'איז דער אלטער שניידער!
לאָמיר אים באגריסן:
זדראוויִא זשעלאיעם, טאָווארישטש פּאַרטנאָי!

ווייך ניט, אלטער, ווייך ניט! דיינע הייסע טרערן
רייסן אוף די הערצער און דאָס בלוט ציינדט אָן,

װײַן ביט, אַלטער, װײַן ביט! אױף די ביקסן־רערן
דײַן בעקאַמע פּלאַטערט, װי אַ פֿאָן.

זעץ זיך צו צום פֿײַער, מירן דיך אַטכײַען,
מיר, סאָװעטישע סאָלדאַטן, דײַנע זין!
גיסט אים אָן אַ קענדלי! זײדעניו, לעכאַים!
שפּיל, װאַסילי, הײסער! פֿרײלעך זינג!

עך, דו, יאַבלאָטשקאָ,
עפּל רוסישער,
דײַנע בעקעלעך
נאַר צעקושן זײ.

עך, דו, יאַבלאָטשקאָ,
סאַמעט קעפּעלע,
קײַקל זיך אױף גאַנצער װעלט,
גאָלדן עפּעלע...

1947—1942

# דאָס געזאנג וועגן ברידער

די מילכאָמע האָט זיך פארענדיקט. ריזיקירנדיק
מיטן לעבן, האָבן מיניאָרן געראטעוועט א שטאָט.

געשען איז דאָס אינמיטן נאכט,
געזיפּט האָט שטיל א פרילינגדיקער רעגן,
א קינד — אָקאָרשט פון מוטערטראכט —
האָט מיט געשריי די וועלט באגעגנט.

גלײַך ס'וואָלט דערשפּירט פון דרויסן א געפאר,
און וויל צוריק אין מוטערס אינגעווייד.
עס וויינט, ווי ס'וואָלט דערהערט דעם גזאר,
וואָס אומגעבראכט האָט אויך מײַן יינגעלע...

פארוואָס זשע קומסטו, קינד, אף אָט דער ערד
מיט אויסגעשריי פון צאָרנדיקן ייִעש?
צי דען דערפאר, ווײַל האָסט דערהערט
סיגנאלן פון אליארעם אינעם ייִשעוו?

• • •

וואָס איז געשען אינמיטן נאכט? וואָס איז געשען?
עס וועקט די שטאָט דער באס פון א סירען.

אָט ווערט ער שטיל און ווידער וואַקסט און רופֿט,
א ווילדער באַסקאָל זעגט די לופֿט.

און טוט א פֿאַל, פּונקט ווי א דונער, אַף א דאַך:
שטייט, בירגער, אויף! שטייט אויף! זייַט וואַך!

און זקיינעס טייַנען, אַז פֿון גאָט איז שוין באַשערט,
מע זאָל ניט קאָנען רויִק שלאָפֿן אַף דער ערד.

און נאָר דאָס רעגנדל — עס גייט און גייט,
דער פֿרילינג שפּילט א ניגן אַף זייַן פֿלייט...

• • •

דאָס ערשטע רעגנדל האָט שטיפֿעריש געפּלאַפּלט,
געבענטשט די ערד מיט פֿרילינגדיקן גנאָד,
און בא דער מוטערס ברוסט האָט הייס געצאַפּלט
דער צוקינפֿטיקער בויער פֿון דער שטאָט.

דאָ, באַם געבורט־הויז, זינגט מען ניט קיין סערענאַדעס,
די לייַכטע לידער ווערן דאָ געקעפּט,
דאָ איז די ערשטע און די שווערסטע באַריקאַדע,
וווּ ליבע ראַנגלט זיך, וווּ ליבע לעבט.

ווייַל דעמלט, ווען דו ווערסט שוין עלטער,
ניט איין מאָל אויסגעפּרוווט פֿון שטורעמווינט,
פֿאַרשטייסט, ווי שווער עס איז צו זייַן אַן עלטער,
ווי גוט צו גיין שפּאַצירן מיט דייַן קינד.

ס׳קאָן זייַן, דערפֿאַר האָט דאָ לעם הויז געפּלאַטערט
א מענטשלעך האַרץ, וואָס האָט פֿון אומגעדולד געברענט
און ניט געפּילט, ווי ס׳האָט דאָס פֿרילינג־רעגנדל געפּלאַפּלט,
און זיך ניט צוגעהערט צו דער יעלאָלע פֿון סירען.

• • •

ס׳איז ער —
נייך, ניט קיין הויכער, ניט קיין קוטשעראווער,
נייך, ניט פון די, וואָס שפּילן העלדן אין קינאָ, —
א שטילער יאט, א בלייכער און א דארער,
דאָרט פון א שטעטל ערגעץ לעם בערעזינאָ.

פון יענע שטיבלעך, ווו מעלאָכע איז — מעלוכע
און ווו מע האָט פון דורהעסלאנג געגלויבט,
אז מוישע האָט צעבראָכן זיינע לוכעס,
ווייל רייכקייט קומט פון „סיגנויוו״, אָרעמקייט — פון „לוי״.

אָ, ברידער אומגעבראכטע — פידעלעך צעבראָכענע!
זאָל אייער ניגן זיין אין הארץ מיינעם פארהיט.
דאָ, אין די שטעטלעך, אונטער שינדל־דעכער מאָכיקע,
האָט אייער ליד געקלונגען און געבליט...

• • •

פּייוועס... פּייוועלע, געדענקסטו,
צי געדענקסטו יענע יאָרן,
ווען מיר פלעגן פרי־באגינען
גיין צוזאמען צו דער ארבעט
אין די לעדערנע טוזשורקעס,
אין די שטיוועלעך פון יוכטע,
איך — א מאשיניסט א יונגער,
דו — א דאָקטער פון מאָטאָרן.
ס׳פלעגן פייגל אין די נעסטן
אונדז באגריסן, זינגען שירע:
— היי, א וואָרע! מאכט א וואָרע!
ס׳גייט די יונגע גווארדיע קעמפן,

אַז די בייזע ערד זאָל ווערן
אַ גאַנײדן פאַר די מענטשן...

און אין אָוונט, נאָך דער אַרבעט,
פלעגן מיר אין סאָד שפאַצירן
אין די קאָרטענע פידזשאַקלעך,
אין געניצעוועטע הויזן,
זעלטן ווען צו זאַט געגעסן,
נאָר געזונגען און געלייענט
מאַיאַקאָווסקיס —
Левой!
Левой!
און האָפשטיינס —
מיר גייען
אין דײַנע פאָרנטיקע רייען,
שפאַנענדיקע מענטשהײַט!

ווײַטע יאָרן, שווערע יאָרן...
אין די דערפער באַלעגופים
צינדן אָן די שײַערס טווע.
ווי אַ בער האָט זיך צערעוועט
אונדזער שטרויענע ראַסייע...

• • •

ווי די צוגן, דורכגעפלויגן
זײַנען יענע שווערע יאָרן.
אָף די פעלדער פון קאָלווירטן
גיסט זיך אָן מיט מילך דער קאָרן.

דעמלט גראָד, ווען די קוקאָווע
האָט געווינטשט אַריכאַס־יאָמים,
איז דאָס לאַנד אונדזערס באַפאַלן
מיט דעם האַקנקרייץ דער האָמאָן.

איך האָב אויך אַ ביקס גענומען,
זיך געשיידט מיט מײַנע לידער.
דאָרט, וווּ ס'האָט דער פֿײַנט געטראָטן,
אַלץ אַוועק איז קידער־ווידער...

דאָרטן ווײַט, אויף יענע פֿעלדער,
וווּ מע איז אין שנײ געלעגן,
דאָרטן, וווּ דער בייזער הימל
האָט מיט פֿלאַם און בלײַ געריגנט –

אויסגעהאַרגעט זײַן און טאַטעס,
טעכטער אונדזערע געשענדעט.
טיף אין וואַלד דאָרט, אויף אַ צווײַגל,
הענגט אַ מײַסע, אַ לעגענדע...

כ'האָב דאָס מײַסעלע געפֿונען,
עס פֿון צווײַג אַראָפּגענומען,
און עס גייט מיט מיר צוזאַמען,
וווּ איך זאָל ניט גיין און קומען.

...אַמאָל, גאָר אַמאָל, ערגעץ ווײַט אין דער וועלט,
איז געגאַנגען אַ זאַקן דורך וואַלד און דורך פֿעלד.

דערזעט ער, עס זיצט בײַ דעם וועג אויף אַ שטיין
אַ מאַלעך אַ קינד און עס וויינט און עס וויינט.

— וואָס וויינסטו, מײַן קינד? — האָט דער זאַקן געפֿרעגט. —
מיסטאָמע פֿאַרבלאָנדזשעט? דו ווייסט ניט דעם וועג?

— אָ, זיידעניו, זאָג, — האָט דאָס קינד זיך געווענדט, —
ווען קומט אַ צוג אָן פֿון יענער־וועלט, ווען?

— פֿון יענער־וועלט, זאָגסטו? ניט פֿרעג און ניט מאָן,
פֿון יענער־וועלט קומען קיין צוגן ניט אָן.

— פאַרוואָס האָט די באָבע אַנומלט געזאָגט:
אַ צוג מיטן טאַטן פון יענער־וועלט יאָגט...

— שאַ, קינד מײַנס, ניט וויין, ס'איז דער טאַטע פאַראַן,
ער לעבט דאָ ניט ווײַט, אין אַ גרויסן קורגאַן.

— איז וואָלט ער פון דאָרטן אַ שפּילכל געבראַכט,
און איך וואָלט ניט וויינען אין וויגל באַנאַכט.

— ער האָט ניט קיין צײַט און זײַן אַרבעט איז שווער,
ער היילט מיט זײַן בלוט דאָס האַרץ פון דער ערד...

— די ערד איז דען קראַנק? דאָס האַרץ טוט איר וויי?
איז דאַרף מען זי היילן מיט האָניק און טיי...

— דאָרט טיף אין דער ערד שלײַפט אַ זקיינע די ציין,
זי לעבט נאָר פון בלוט און פון אונדזער געוויין.

— איז דאַרף מען זי פּאַקן, די זקיינע, דאָס שלעכטס,
וואָס אַלצדינג פאַרניכטן און אויסראָטן לעכצט...

— זי גרייט איר רעציכע פאַרשטעלט און געהיים,
זי האַלט אים, דײַן טאַטן, און לאָזט ניט אַהיים...

• • •

דאָ אפן פעלד, לעם אונדזער שטאָט,
האָט זיך דאָס מײַסעלע אָפּסגײַ צעקלונגען,
נאָר, ווי אַ שפּאַרבער, די סירען
האָט זיך אַ וואָרף געטאָן און עס פאַרשלונגען.

דאָס פריילינג־רעגנדל האָט אופגעהערט,
ווי זיך פאַר עמעצן דערשראָקן,
און איז אַרויסגעלאָפן פון דער שטאָט
אין פוסטריט נאָך דעם וואַנדערער דעם זאָקן.

און אפֿן הימלס צאַפּלדיקן ראַנד
האָט שאַרף אַ בליץ געטאָן קיל־גאָלדיק,
דער ערשטער שטראַל האָט אינעם רוים
די וואָלקנדלעך גענומען גאָלן.

ריש־ראַשיק האָט מיט פֿליגל זיך צעפּאָכט
דער בייזער מאָרעשכוירעניק, דער וואָראָן,
דערפֿרייט זיך מיט דער טויט־געפֿאַר,
וואָס רייסט זיך פֿון דער ראַדיאָ און וואָרנט.

און ווי פֿון אַ געשמאַקן שלאָף,
ווען ס'רוט דאָס האַרץ און אָטעמט שטיל־געלאַסן,
האָט פֿייַווע זיך אַ ריס געטאָן פֿון אָרט —
אַלצייַנס ווי פֿון אַ זעץ אַ טעמפּיק־האַסטיקן.

אַ סטראָנע, דאַכט זיך, אין דער שטילקייט האָט געפּלאַצט...
פֿאַרשוווּנדן פּלוצעם איז דער ניגן,
וואָס באַם געבורט־הויז האָט אַ גאַנצע נאַכט
גערוט אין פֿייַוועס האַרץ, ווי אין אַ וויגל...

• • •

...ער גייט פֿון גאַס צו גאַס,
זייַן גוטן כאָלעם האָט צעפּליקט
פֿון ראַדיאָ־הילכער אַ יעדיִע:
עס האָט דער טויט דאָ, טיף אונטער דער ערד,
פֿאַרגרייט דער שטאָט אַן אומגעריכטע טליִע.

מע זאָגט, אַ וואַנדערער אַ זאָקן האָט אַנטדעקט
דעם סויִנעס פֿאַרמאַסקירטן אוצר:
אַ קעלער באָמבעס, מינעס, דינאַמיט,
וואָס קאָן די שטאָט אַ הייב טאָן אינדערלופֿטן.

טײַוואָלאָנישע רעציכע פֿון דעם האַקנקרײַץ
האָט ווי געכריפּעט פֿאַר זײַן מיסע:
איך לעב! און לאָז אײַך אַ געשאַנק — דעם טויט,
וואָס וויל ניט פֿרײַוויליק אַוועקגיין אין דעמיסיע.

און עס דערמאָנט דער יאָמער פֿון סירעץ:
ניין, לעבן שטיל איז נאָר אַ גוטער כאָלעם,
און ניט אומזיסט אַ נײַגעבאָרן קינד
באַגריסט די בײזע וועלט מיט אַ יעלאָלע.

• • •

די טויט־געפּאַר דריקט בלײַיק־שווער,
בריט, ווי מיט זידנדיקן שוועבל,
אין אַלע בליקן — אַ באַגער:
בלײַבן לעבן! בלײַבן לעבן!

די יעשועו־שטיבלעך, דאָ ניט ווײַט,
דער האָן, וואָס אַפּן קוימען פֿלעמלט,
און יעדעס בײמעלע עס בעט זיך, שרײַט:
בלײַבן לעבן! בלײַבן לעבן!

די שטאָט — ניט לאַנג אַרויס פֿון אַש,
און איצט — אַ יונגע יעפּאַסטויאַר,
אַן אָפּגעצאַפּלטע זי ראַשט
לעם יעדער טיר, לעם יעדן טויער.

ס׳גייט קינד־און־קייט מיט האַק־און־פּאַק,
זעט! זעט! די פֿייגל פֿליִען פֿון די נעסטן,
זיי האָבן מיט די שנאָבלען ווי דערטאַפּט,
אַז ס׳איז די געגנט דאָ פֿאַרפּעסטעט.

...אָט בלײַבט ער שטיין אינמיטן שטאָט
און קוקט פֿאַרדײַגעט און פֿאַרמאַטערט —
דער מענטש,

וואָס אים באַשערט געווען איז גראָד
אין יענער נאַכט אַפּסניי צו זיין אַ טאַטע...

נאָר איין געדאַנק, נאָר איין פאַרלאַנג
האָט ווי אַ נאָדעלע געגומען שטעכן:
דאָס קערנדל פון ביי'ם זאַנג —
דאָס אייפּעלע... זאָל בלייבן לעבן!

ס׳האָט אים אַ ריס געטאָן פון אָרט,
אַ קאַלטער שוויס האָט אים באַשלאָגן,
ער פּילט אַליין ניט, ווי ער יאָגט,
גלייך ווי אַ ווינט וואָלט אים געטראָגן.

צי ידען, האָט ער געטראַכט, מיין גאָט,
כ׳בין ווידער אַ באַגאַזלטער?
ניטאָ קיין איינער דאָ אין שטאָט,
וואָס זאָל אים אָפּגעבן אַ מאַזלטאָוו...

דאָס האַרץ — עס רייסט זיך פון דער ברוסט,
דאָס בלוט האָט, דאַכט זיך, אָנגעהויבן פרירן.
— — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —

אין דעם געבורט־הויז — שטיל און פּוסט,
פאַרהאַקט די פענצטער און די טירן...

● ● ●

שוין האַלבער טאָג. עס שווייגט די שטאָט,
ווי אויסגעטאָן פון אַלע זאָרגן.
מע זעט קיין מענטש, מע הערט קיין טראָט,
גלייך אַלץ איז פּלוצעם אויסגעשטאָרבן.

און נאָר אַ ווינטל שפּרינגט און פליט,
כאַפּט אָן אַ קאַץ באַם אויערל און קיצלט...

און מיטאמאָל די רו צעפּליקט
א שארפער קלאפּ פון מאָטאָציקל.

און ווי א דונער, האסטיק־ראש,
צעשיט ער זײַנע הייסע קלאנגען,
און דער באפעל איז: פּאקן די מארשאס!
דעם טויט — די מאכעשייפע פּאנגען!

• • •

...אהין! — ווו ס׳ליגט דער טויט פון וויפל יאָר!
ער מוז אליין א קוק טאָן מיט די אויגן...
„בלויז איין מאָל האָט א טאָעס דער מיניאָר!" —
אהין, ווו ס׳לויערט די געפאר, האָט אים געצויגן.

אהין, צום פעלד! — א פיבערדיקער האסט
האָט אים דאָס גאנצע לײַב געפּרעסטלט...
ער איז געלאָפן גאס בּאָך גאס —
אָט איז דער יִשעוו שוין,
זײַן שטיבעלע...
זײַן געסל...

נאָר דאָ האָט אים א בראָך געטאָן די קני,
דאָס האָט זײַן גאנעקל געגומען טײַבען:
„שטיי, מענטש! ניט שפּיל זיך מיטן טויט,
האָסט אויג־אף־אויג געגוג געזען אים, —
ווער בעט דיך קריכן אין דעם געגעם?"

אזוי —
דער פּאכעד און דער מענטש,
ווי צוויי באָקסיאָרן, צילעווען
דעם לעצטן זעץ דערלאנגען...
און עפּשער ווײַטער וואָלט געדויערט דער געראנגל —
ווער וועמען וועט דערשטיקן —

ווען ניט זײַן פֿרײַנט:
יעגאָרס באַקאַנטע שטים
פֿון דעם רויד־קנאַקנדיקן מאָטאָציקל:
— יעפֿים!

אַ רוער אין דײַן טאַטנס טאַטן!
איך זוך דיך שוין אַזויפֿיל צײַט,
איך האָב אין שטאָט־סאָוועט אַף דער באַראַטונג
מײַן פּלאַן באַשיצט און קוים זיי איבערצײַגט...
נו, פֿײַוועס־בראַט, קום ראַטעווען די שטאָט,
צי עפּשער ווילסטו ראַטעווען די קישנס?

...דאָס שווײַגן האָט געדויערט איין מינוט.
און ניט פֿון פֿײַוועס מויל, —
פֿון זײַנע אויגן, דורך זײַן האַרץ,
האָט אָפּגעקלונגען ביינלעך־האַרט:
„די ערד, ווײַזט אויס, וועט זײַן שוין אונדזער קישן...“

אָ, מאַמעס פֿון דער גאָרער וועלט! —
באַגלייט מיט ליבשאַפֿט אין די בליקן
צוויי זין, וואָס יאָגן קעגן טויט
אַף הייסע פֿליגל פֿון אַ מאָטאָציקל.

● ● ●

אווו, אין וועלכן טאָג איז דאָס פּאַרלאָפֿן,
פֿונוואַנען הייבט זיך זייער פֿרײַנטשאַפֿט אָן —
אין איין וואַגאָן זיך צופֿעליק געטראָפֿן,
צי אין קאַזאַרמע, אין סאַפּיאָרן־באַטאַליאָן?

נאָר אויב איר האָט אַ ביקס געהאַלטן,
דאָס האַרטע ברויט געגריזעט מיט די ציין,
און זאַלבעצווייט דעם קאָפּ פֿון פֿײַער אויסבאַהאַלטן, —
יאָ, דעמלט וועט איר מיך פֿאַרשטיין.

אויב איר צוזאמען האָט פון קעסעלע געשלונגען גריקע־קאשע,
געמוזט אונטער דעם סוינעס פייער פויזען, גיין...
די העמדער די געזאלצענע צוזאמען אין דעם טייך געוואשן, —
יאָ, דעמלט וועט איר מיך פארשטיין.

ווייל פריינטשאפט ניט מיט שוועס ווערט געוויגן,
און ניט ווען בליקן קרייצן זיך ווי טייוועדיקע הענט,
נאָר ווען אף טויט און לעבן צוויי פאָר אויגן
ווי זעלנער גייען צו איין ציל געווענדט.

יאָ! יאָ! די פריינטשאפט — זי דערקענט מען
דאן, ווען א צאָרע, ווי דאָס „שייד־וואסער", פרוווט אויס,
ווען, האלטנדיק אין האנט די מינען־„וועגטקע",
מע גייט צוזאמען קעגן טויט ארויס.

זיין שטאָט, יעגאָרס — בא דער נעווא א באריקאדע,
דער הונגער האָט געשטיקט זי אין זיין נעץ:
ניטאָ, ניטאָ קיין בריוו פון טויטע בירגער לעבינגראדער...
ניטאָ, ניטאָ קיין בריוו פון באבי־יאר און טראָסטיאנעץ...

דאָ, אפן פעלד, אונטערן פייער זיך א וואָרט געגעבן,
אז ווי עס זאָל ניט זיין, צי גרינג, צי שווער,
נאָר אויב ס'וועט זיין באשערט צו בלייבן לעבן,
זיך קיינמאָל ניט צעשיידן מער.

• • •

גיך, ווי צוגן, דורכגעפלויגן
זיינען די מילכאָמע־יאָרן.
אף די פעלדער פון קאָלווירטן —
גריגע וואָנצעלעך פון קאָרן.

שיט פון קויש די מאלקע פרילינג
קערנדלעך פון זון דעם זומער,

און מיט בלעטעלעך די ביימער
צאָלן אָפּ איר מיט מעזומען.

און די שטאָט, צוריק א נייע,
שיינט ארויס, ווי נאָך א כמארע.
אין די אָונטיקע סעדער
בענקען ווידער די גיטארעס.

ס׳איז געווען א שיינער כאָלעם,
נאָר דער כאָלעם איז פארשוווּנדן,
און געבליבן זיינען גריבער,
און אין הארצן — טיפע ווונדן.

אין דעם „זאגס" האָט מען פארשריבן
אן אלמאָנע מיט אן אלמען...
שווער איז אָנהייבן א לעבן,
ווען מע האָט פארלאָרן אלעמען —

נאָר זי וועקט אים אוף באגינען,
אים, וואָס איז שוין גרוי געוואָרן,
דעם עלעקטריקער געניטן,
אונדזער דאָקטער פון מאָטאָרן.

און ער שפאנט אף יענע גאסן,
ווו מיין יוגנט האָט געזונגען,
און הערט אויס אין נייע צעכן,
ווי עס אָטעמען די לונגען —

פון די צענדליקער מאָטאָרן,
צי זיי קרייען ניט און פייפן,
ווי די אויסגעדינטע זינגער...
פייווע! פרעגט, ווער קען ניט פייווען? —

מיט א קאָפּ — א מאַזלבראָכע,
און מיט הענט פון רייַנעם גינגאָלד,
אַף דער פאבריקע געקומען
פון א שטעטעלע א יינגל.

טרעפט פארנאכט, אַף די בולוואַרן,
זעט מען פייַוון מיט יעגאָרן,
וועלכער לערנט אין קאַזאַרמע
יונגע זעלנער זייַן מינעאָרן.

• • •

ווייַזט אויס, אַז דער ווינט האָט זייַן טרויער דערציילט
דיביימער, וואָס שטייען פאַרכאַלעמט...
פון ווייַט האָט געדאַכט, אַז א פידל אין וואַלד
קלאָגט אויס פון זייַן האַרץ אַן „אייל־מאַלע“.

א פויגל באַהאַלט זיך אין צווייַגן־געפלעכט,
ווער נאָך, ווי א פויגל, קען פילן
דעם צאַר פונעם בלעטל אַף בוים, ווען דער ווינט
נעמט ווידער יעלאָלעדיק שפּילן.

אָ, ניין, ניט דער ווינט! ס׳קלאָגט די מאַמעניו־ערד,
און זי וועקט מיט געיאָמער פון טויבן,
די לעבנגעבליבענע וואָרנט און רופט:
וועקט אויף די זאָרגלאָזע, טויבע!

איר הערט ניט, ווי ס׳גייט מיט באַהאַלטענע טריט
דער טויט, אָט די גיפטיקע זקיינע?
און דאָרט, ווו זי שיט פון איר טאָרבע דעם סאַם,
ווערט א קופּע פון אַש און פון ביינער.

מילכאָמע־אַלמאָנעס! בינדט קווייטן אין קרענץ,
יעסוימים פון אַלערליי לענדער, —
טוט אָן זיי אף קעפּ פון צוויי ערלעכע פּרינצן,
וואָס גייען דעם טויט איצט פאַרלענדן.

ניין, ניט צוליב רום, ניין, ניט צוליב גאָלד —
א כאַפּ טאָן דעם טויט און אים פלעטן.
ניט בלויז זייער שטוב, זייער אייגענע שטאָט,
נאָר די וועלט פון פאַרניכטונג צו רעטן!

• • •

די טוכלע לופט, די פינצטערניש —
פאַר ליבע־שפּיל פון סאָוועס,
דאָרט אויבן לעבט א נאַכטיגאַל,
דאָ טיף — דער מאַלכאַמאָוועס.

„אָ, נאַכטיגאַל, מיין נאַכטיגאַל“ —
האָט דאָ געוויס געזונגען
אין די לאַקירטע שטיוועלעך
פון פרייסן־לאַנד דער יונקער.

ווו לעבסטו איצט? ווו זינגסטו איצט,
דו ריינער, שיינער אריער,
„אָ, נאַכטיגאַל, מיין נאַכטיגאַל“
די מערדערישע אריע!

ווי הארציק פלעגסטו זינגען זי
אין אָוונט אפן גאַנעק
און קוקן אפן רויך, וואָס קנוילט
פון אוישוויץ און מיידאַנעק.

און איצטער ויצסטו ערגעץ שטיל
באַם טײַכל מיט דער װענטקע,
און זונטיק, נאָך דער „גאָטעסדינסט",
טרינקסט ביר און שפּילסט אַ „װענטען".

איך װײס ניט, װאָס דערציילן װעסט
אין הימל פאַרן בעסדן,
נאָר פאַרגעדענק! ביזװאַן דו לעבסט,
איך האָב מיט דיר אַ כעזשבן!

אָט דאָ, װוּ דײַן רעציכע ליגט
טיף אונטער ערד פאַרבאָרגן,
צװײ ברידער גייען פאָרזיכטיק
דיך כאַפּן פאַרן גאָרגל.

• • •

געװיס האָט איר געזען, װי דער פּינצעט
פון מײַסטער פּיקט אין האַרץ פון זייגערל — אין הערל,
זײַן אויג — נײן, ניט עס קוקט, — עס טאַפּט און רעדט
מיט יעדעס פּיצינק שרײַפּעלע און רעדל...

אַזוי, פּאַמעלעך, האָבן פּײַװע און יעגאָר
מיט אויגן דורכגעדרעלעװעט איעדן איװער
פון מאַלכאַמאָװעס פּולװערדיקן גאָב,
װאָס װיל די שטאָט פאַרװאַנדלען אין אַ קײװער.

פון יעדן װינקל האָט דער טויט געדראָט,
די צײַט האָט טראָפּנװײַז געריזלט אויף די שטיינער,
און ביידע גייען פאָרזיכטיק,
פּונקט װי דער מענטש, װאָס גייט אין צירק אויף דראָט,
איין קער — און ס'װערט פון אים אַ הײַפל ביינער.

ווי שטומע מערדער שטייען פולע פעסער דינאמיט,
„דאָס הארץ — אין פוסט!״ (עס זאָל ניט פּלאצן!),
ווי צוויי כירורגן, פּאַרזיכטיק, געניט,
זיי ענדיקן די שווערע אָפּעראַציע.

— יאָ! יאָ!
דער כמארנער הימל האָט זיך אויך דערפרייט,
ווען ס׳האָבן זעלנער, ציילנדיק די רעגעס אפן זייגער,
דערהערט פון אונטן דעם באפעל:
זײַט גרייט!
מע קאָן ארויסטראָגן דעם „פייגער״.

• • •

דורך א גוואלדריס אין א וואָלקן
האָט די זון זיך דורכגעריסן
און האָט פריילינגדיק געצאפּלט
אף די גאסן, אף די פּלעצער
פון דער שטאָט.

פרייליך רופן די סירענעס,
קלינגט א קאָל פון ראדיאָ־גאָרגל:
אכטונג, בירגער! אכטונג, בירגער!
דער אליארעם איז געענדיקט,
אויס געפאר!

מיט א קישן אונטער פאכווע,
מיט א קעצעלע אין בוזעם
אײַלט מיט דריבנע טריט א זקיינע,

ציילעמט זיך און קוקט דערשראָקן,
ווי א הון...

און אן אלטער ייִד א פרומער
קליַיבט א מיניען, גוימל בענטשן:
ווו זשע זיַינען זיי, די ייִדן?
ניט קיין ייִדן, ניט קיין קריסטן —
שריַי צו גאָט!

און גראָד דעמלט, ווען די גאסן
האָבן פריילעכע געווימלט,
האָט די לופט ווי אופגעציטערט,
גליַיך פון וויַיטן וואָלט א דונער
אָפּגעהילכט...

און פון רויך א שוואָם א שווארצער
קנוילט זיך, הייבט זיך אוף צום הימל.
וואָס געשען איז? וואָס געטראָפן?
און עס קיַיקלט זיך אף גאסן
א געשפּרעך:

— אלץ איז שוין געווען פארענדיקט...
— זיַינען זיי אראָפּ א קוק טאָן...
— נאָכאמאָל געזוכט, געשנישטערט...
— צווייען, זאָגט מען, צוויי כאווירים...
— אפן פראָנט געווען צוזאמען...
— איין סנאריאד האָט מען געפונען
טיף אין פיַיכטער ערד פארזונקען...
— צי וויַיל עפּעס ניט דערזען וואָס...
— עפּשער אויסגעגליטשט זיך, עפּשער,
ווען זיי האָבן אים געטראָגן...
— שטילער! עפּעס וויל די ראדיאָ זאָגן...

• • •

ווײַזט אויס, ניט אומזיסט האָט מיט קרוינען א שטראָל
דערשראָקן צעקושט זיך איין מאָל נאָר,
און ס׳האָט זיך געדאכט, אז א פידל אין וואלד
קלאָגט אויס פון זײַן הארץ אן „איײל־מאָלע״.

נאָר שפּעט באדערנאכט, ווען די שטאָט האָט גערוט,
ווען א ליד האָט גענומען מיך קלעמען,
דערהער איך:
א מײַסעלע קלאפּט, אין מײַן פענצטערל קלאפּט, —
ווײַזט אויס, שוין דער סאָף פון פּאָעמע:

...אמאָל, גאָר אמאָל, ערגעץ ווײַט אין דער וועלט,
איז געגאנגען א זאָקן דורך וואלד און דורך פעלד.

און נאָענט נאָך אים, בלויז אף עטלעכע טריט —
גייט א וואָלף מיט א שעפּס און א קינד אין דער מיט.

דערזעט ער, ווי ס׳גייט פונעם טויער אין שטאָט
אן אוילעם א גרויסער מיט לאנגזאמען טראָט.

מע גייט, און עס וויגן זיך שטיל אף די הענט
צוויי מיטעס, באדעקטע מיט בונט־פרישע קרענץ.

— היי, מענטשן! — שרײַט אויסעט דער אלטיטשקער. — זאָגט,
ווער זײַנען אָט די, וואָס איר טראָגט?

— דו ווייסט דען ניט, זיידע? האָסט גאָרניט געהערט?
געגאנגען אף טויט פאר דער מאמעניו־ערד...

— טאָ זאָל זיך פאר זיי איצט פארנייגן די וועלט,
וואָס רײַסן אף שטיקער צווייפיסיקע וועלף...

— אַף אייביק וועט בלײַבן געליבט און געבענטשט
דער מענטש, וועלכער שטאַרבט פאַר זײַן ברודער דעם מענטש!

...און ס׳גייט די פּראָצעסיע. פון לאַנד צו לאַנד.
דער זאָקן — פּאָרויס, ווי א וועגווײַזער, שפּאַנט.

און גלײַך הינטער אים, בלויז אַף עטלעכע טריט,
גייט א וואָלף מיט א שעפּס און א קינד אין דער מיט...

1959—1961

# אינהאַלט

## לידער

באלאדעס



פּאָעמעס

דער פֿאַרלאַג בעט די לייענער צושיקן אָפּרופֿן וועגן אינהאַלט פֿון בוך, ווי אויך וועגן זײַן אויסזען, אָנווײַזנדיק דערבײַ דעם פּינקטלעכן אַדרעס, די פּראָפֿעסיע און דעם עלטער.


אונדזער אַדרעס:

Москва К-9, Б. Гнездниковский пер., 10. Издательство «Советский писатель».